די

# הֶפְקֵר וֶועֶלְט

פון

הרב החכם הכולל

## רבי יצחק בער לעווינזאהן ז"ל

## (ריב"ל).

אֶת גְאוֹנְכֶם וּכְבוֹדְכֶם תָּשִׂימוּ לְאַל
אִם עַל שֻׁלְחַנְכֶם לֹא נִמְצְאוּ סִפְרֵי רִיבַ"ל.

פערלאג פון דוד סָאוָוא, בוכהענדלער אין ווארשא נאלעווקי 27.

3-טע אויפלאגע

ווארשא. תרס"ד.

דרוק האלטער עט קאמפ., נאלעווקי 7.

# ГЕФКЕРЪ ВЕЛТЪ

 т. е. Свѣтская Сатира.

3-е изданіе

Изданіе книжнаго магаз. Д. Сова, Варшава, Налевки 27.

ВАРШАВА 1903.

Типографія М. И. Гальтера и Комп., Налевки 7.

# לעבענס-בעשרייבונג פון ריב"ל

היפשע עטליכע צעהנדליג יאָהר זענען פערבייא געגאנגען, דאס דיא העברעישע לעזער, האבען פיעל פערגניגען געהאט, בייא לעזען אונ שטודירען, אין דיא גרויסאַרטיגע ספרים פון דעם וועלטבעריהמטען חכם אונ פאַטריאָט, ר' יצחק בער. בייא זייער גרויסען פערגניגען דענקען זייא גאָר ניט, אז דער דאָזיגער גרויסער פערפאַססער, פון דיא ספרים — וועלכע שארפען דעם שכל אונ ערפרעהן דאס הערץ — האט נעביך גאָר קיין גוטס גענאָססען אין זיין גאנץ לעבען, דענן ער האט כמעט פערבראַכט זיינע גאַנצע יאָהרען אין צער, אונ האט געליטטען זייער גרויסע ווייטיגען. ער איז געוועזען זייער גע-פלאָגט כמעט זיין גאנץ לעבען. דיא ספרים זיינע וועלכע זענען בעקאנט אין דער וועלט, זענען ניט פון דער אַרט ספרים, וועלכע זענען געשריבען נאָך דעם צייטגייסט, ווענן דיא צייטען פערענדערין זיך, נעמען דיא ספרים אויך אַנאַנדערע ווענדונג, — לעווינזאָהנ'ס ספרים אַבער זענען אויף אַזאַ אופן ניט געשריעבען, דענן זייא זענען געגרינדעט אויף היסטאָרישע פאַקטין, פון דעם לעבען גענוממען, זיינע ספרים בלייבען אונשטערבליך, אונ וועללען אין אללע צייטען בלייבען אונ דיענען פיר אַ אונערשעפּטער קוואֶללע, צום פער-טיידיגונג דעם יודענטהומס, אונ פיר דער ענטוויקעללונג דער ערקענטניס אונ וויסענשאפט אונטער יודען. דער גרויסע געלעהרטע ווירד גערעכענט אונטער דיזע, וועלכע בייא זייער שטערבען ווערען זייא ניט פערגעססען, אונ זייער זכר (אַנדענקען) בלייבט אויף אימער.

ר' יצחק בער איז געוועהן דער ערשטער אונטער דיא יודישע גע-לעהרנטע אין רוסלאנד, וועלכער האט ערקלערט זיין פאָלק אויף עבראישער לייכטעסטער שפּראַכע, וואס דיא צייט פאָדערט פון אונז, אונ אויף וואס דיא זיילען פון אונזער תלמוד זענען געגרינדעט. דיא בעריהמטע ביבליאטהעק פון דעם גרויסען פּאָלנישען געלעהרטען טשאַצקי אין קרעמניץ איז געוועהן אָפּפען פאַר איהם; פון דאָרט האט ער געשעפּט זיינע גרויסע קענטניססע, וועלכע האָבען איהם אין דער שפעטערער צייט, געדיענט אַלס פאָנדאַמענט (יסוד) צו בעאַרבייטען זיינע ספרים, וועלכע זענען בעקאַנט יעדען וועלכער נור לשון-קודש פערשטעהט. ער האט פערלאַססען אללע תענוגים פון דער וועלט, אונ האט זיך שטענדיג בעגניגט מיט לחם צר, וואס ער האט בעקוממען פון זיינע וועניגע בעקאַנטע פון ווייטען אונ נאָהענט; נור אַזא מענש האט געקענט פערברענגען זיינע בעסטע יאָהרען, מעהר אַלס פערציג יאָהר, צו לעהרנען אונ שרייבען זיינע ספרים, צום אַללגעמיינעם נוטצען פיר זיין פאָלק אונ שפראַכע, דער עיקר אין זיינע ספרים איז, ממליץ צו זיין פיר יעדער גוטטער אונ נוצליכער זאַך, ער האט געגעבען עצות פון ווייטען, אויך געענטפערט אויף פערשידענע פראַגען פון דער רעגיערונג, וועלכע האבען געבראַכט זייער פיהל נוטצען, אויסצובעססערען דיא לאַגע פון יודען אין רוסלאנד.

I.

ר׳ יצחק בער לעווינזאָהן ז״ל, איז געבאָרען געוואָרען אין קרעמניץ ערב ראש השנה שנת תקמ״ח 2-טען סעפטעמבער 1788, זיין פאָטער האָט געהייסען ר׳ יהודה, אונ זיין מוטער — רָחֵל; זיינע עלטערען זענען געוועהן פון זעהר א פאָרנעהמע משפָּחה. פון זיין יוגענד אָן האָט זיך אין איהם ערוועקט אַ גרויסער חשק אַרויפצובריינגען זיינע געדאַנקען אויף פּאַפּיר: יעדע זאַך, וואָס ער האָט נאָר געלעזען אונ געלערנט, האט ער באלד פערצייכענט; זיין פליים צום לעזען פערשיעדענע סְפָרִים, איז געוועזן איבערנאַטירליך, אונ זיין געדעכטניס־קראַפט (כּחַ הַזִּכָּרון) איז געוועזן זעהר שטארק.

דרייא יאָהר איז לעווינזאָהן אַלט געוועזן, אַז ער האָט אָנגעהויבען צו געהן אין חֶדֶר אַריין: ער האָט געמאַכט זעהר גרויסע פאָרשריטע, אונ אַז ער איז אַלט געוועזן ניין יאָהר, האָט ער שוין געשריבען א חבור אין קבלה, זיין פאָטער האָט זיך בעריהמט מיט דעם חבור פאר דעם רב: אַז דער רב האָט דערזעהען דעם חבור, האָט ער זיך אַזוי ערשראָקען, אַז ער האָט אָנגעזאָגט דעם פאָטער דיא זאַך ניט מפרסם צו זיין אונ קיינעם עס ניט ערצעהלען, אונ האָט שטילערהייד איינגערוימט דעם פאָטער א סוד, אַז ער זאָל אויף דעם קליינעם גוט אכטונג געבען, אויב ער בעשעפטיגט זיך ניט מיט דיא שָׂרֵי מַעֲלָה (מַלְאָכִים), וועלכע פליהען צו איהם פון דעם הימעל בייא נאכט צו לערנען מיט איהם תּוֹרָה.

אים יאָהר 1812, ווען עס איז געוועזן דיא גרויסע מִלְחָמָה מיט דיא פראַנצויזען, איז לעווינזאָהן געוועזן דאָלמעטשער אונ איבער־זעטצר אין דער רוסישע שפראַכֿע בייא דעם גענעראַל גירס אין ראַדיוויל, נאר ווייל ער איז פלוצלים זעהר קראַנק געוואָרען, איז ער אַוועק געפאָהרען קיין גאַליציען, אונ דאָרט, דורך זיין גרויסען חשק צו דער וויסענשאַפט, האָט ער זיך בעשטרעבט צו בעפריינדען מיט דיא חֲכָמִים, וועלכֿע האָבען אין יענער צייט דאָרט געלעבט; בייא דיעזער געלעגענהייט האָט לעווינזאָהן זיך ערוואָרבען גרויסע קענטניסע אין תַּלְמוּד, אויך אין דער נייא=העברעישער ליטעראַטור, אונטער דער לייטונג פון דעם גרויסען פילוסוף הָרַב הֶחָכָם ר׳ נַחְמָן קְרָאכְמַאל ז״ל אונ נאך אנדערע חֲכָמִים, דען ביי יעדען איז ער געוועזן זעהר געליעבט אונ געשעצט.

אין דעם זעלבען יאָהר (1812), ווען דיא פראַנצויזען זענען אַנטלאָפען פון רוסלאַנד, האָט לעווינזאָהן פערפאַסט אַ שִׁיר אין דער ריינער העברעישער שפראַכֿע, אונטער דעם נאָמען „קול ענות גבורה״; דעם שיר האָט דער קאָמענדאַנט פון ראַדיוויל, ה׳ גירס, אַוועק געשיקט צו דעם מיניסטער וונוטרעניך

דיעל. דאָס איז געווען דער ערשטער דעבּוט, דער ערשטער אַרויסגאַנג לעווינ־זאָהנ'ס אין דער יודישע ליטעראַטור.

אים יאָהר 1816, אַז לעווינזאָהן האָט געוואהנט אין בּראָדי, איז ער געווען בּוכהאַלטער אין אַ באַנקיר־הויז; אָבּער דיא שטעלע איז איהם ניט געפעלען, אונ ער האָט זיך געסטאַרעט, דאָס זיינע רוהע־שטונדען זאָל ער האבען וועגען פערשידענע לעהרנונגען; ער פלעגט זיך בּעשעפטיגען מיט לאָגיק אונ פילוסופיאָ, אויך פלעגט ער אין דער צייט לערנען מיט איינינע תּלמידים. אין אַ קורצער צייט נאָך דעם האָט ער דיא בּוכהאַלטער־שטעלע פערלאָזען אונ האָט אויס־געהאַלטען עקזאַמען אין דער שולע אין טאַרנאָפּאָל אַלס לעהרער; דאָרט האָט ער אויך געגעבען אונטעררירכט אין גימנאַזיום פון יודישע געגענשטאַנדען

## 2.

אים יאָהר 1823 האָט זיך לעווינזאָהן ווידער צוריק אומגעקעהרט קיין רוסלאַנד, אונ וואהין ער איז נאָר געקומען, האָט ער פערבּראַכט דיא צייט מיט פערבּרייטען וויסענשאַפט אונ בּילדונג. אַ יאָהר האָט ער פערבּראַכט אין בּערדיטשוב, נאָך דעם איז ער געפאָהרען אין טולטשין; אויף זיין רייזע איז ער אויך צופעליג געקומען אין קאַמינקאַ, אַ קליין שטאָרטיל, וועלכע האָט געהערט צום קניאַז וויטגענשטיין. וואהרשיינליך האָט דער קניאַז געוויסט פון לעווינזאָהן, דען ער האָט איהם בּאַלד געהייסען אויפזוכען אונ האָט איהם זעהר פריינדליך אויפגענומען; בּייא זיך אין זיין פאַלאַץ, האָט ער איהם אָבּגעגעבּען אַ בּעזאָנדערעס צימער, אונ לעווינזאָהן האָט דאָרט פערבּראַכט אַ גאַנצען זומער, דער קניאַז איז זעהר צופריעדען געווען פון לעווינזאָהן, אונ פלעגט מיט איהם איינינע שטונדען אין טאָג פערבּרענגען אין פערשיעדענע געלהרנטע זאַכען. דער פירשט האָט זייער גרויס פערגעניגען געהאַט, ווענן לעווינזאָהן פלעגט זיך מפלפל זיין מיט זיינע פריינדע אונ דערגלייכען געלעהרנטע מעננער, וועלכע פלעגען זיך פערזאַמלען אין דעם פאַלאַץ. ווענן דער פירשט פלעגט געהן וועגען זיינע עקאָנאָמישע געשעפטען, האָט ער איינגעלאַדען לעווינזאָהן ער זאָל געהן מיט איהם. אונ זיינע געזעלשאַפט איז דעם פירשט אַזוי ליעבּליך אונ אַנ־גענעהם געווען, דאָס ער פלעגט בּייא איהם אויך זייער אָפט עצות פרעגען אין כּמה זאַכען. אַז לעווינזאָהן איז צוריק געקומען אין קרעמעניץ, איז ער זעהר שטאַרק קראַנק געוואָרען. דאָס איז געווען דיא גרויסע קרענק, וועלכע האָט איהם ניט פערלאָזט צוועלף יאָהר כּסדר. נאָר מערקווירדיג, זיין חשק אונ פלייס זענען אַזוי שטאַרק געווען, דאָס ער האָט אפילו אויפ'ן קראַנקען בּעט אויך ניט גערוהט אונ האָט נאָר געלערענט! אין דער צייט האָט ער זיך פער־פאָלקאָממט אין אַראַבּיש, כּאַלדעאיש, ליטיין אונ גריכיש. אונ האָט גרינדליך ערלערענט דיא חכמות, וועלכע געהערען צו דיא ענינים פון פּאָליטיק אונ פלוסופיאָ; זיין כּח הזכּרון דער שטאַרקער אונ זיין קענטנים אין דער דייטשער

שפּראַכע זענען איהם געווען צו הילף בייא זיין לערנען, אונ טשאַצקענס גרויסע ביבליאָטהעק, וועלכע איז דאַמאָלס געווען אין דעם ליצעאום אין קרעמעניץ, האָט איהם געגעבען גרויסע שטיטצע זיך צו פערפאָלקאָמען בייא זיינע גרויסע פערשיעדענע קענטניסע, אין אלע צווייגען דער וויסענשאַפט. דורך דיא הילף פון דיא גרויסע פראָפּעסאָרען אין דעם ליצעאום, וועלכע האבען זיך מיט לעווינזאָהן אונטערהאַלטען, אונ פלעגען איהם פערשאַפען אַלע ליטע־ראַרישע מיטעל, אום צו ערגרייכען זיין צוועק, אויך אַלע פערשיעדענע ביכער, וועלכע ער האָט נאָר פערלאַנגט, האָט זיך לעווינזאָהן דיא גאַנצע צוועלף יאָהר געשפּייזט מיט גייסטיגער שפּייזע, מיט הימלישען „מָן"; זיין גייסט האָט נאָר געשוועבט אין דער אַלגעמיינע ליטעראַטור אין פערשיעדענע שפּראַכען. אין דער צייט, ווען זיינע קאָרפּערליכע קראָפטע האָבען איהם פערלאַסען, דאַמאָלס האָט זיך נאָך מעהר געשטאַרקט זיין גייסט, לויט לעווינזאָהן אליין ערצעהלט, איז ער אין דער גאַנצער צייט פון זיין קראַנקהייט געווען כּמְעַט אין דעם עולָם הָאֲצִילות (נישט אויף דער וועלט), אונ ווען ניט דיא גרויסע קראַנ־הייט זיינע, וואָלט ער ניט אים שטאַנד געווען צו ערווערבען אֲפִילוּ אַצעהנ־טהייל פון זיין לעהרנען, וואָס ער האָט איינגעשלונגען אין דעם פערלויף פון דיא צוועלף יאָהר.

נאָך בעפאָהר לעווינזאָהן איז קראַנק געוואָרען, האָט ער זעהר פיהל גע־לעהרנט אונ געשריעבען, אונ איז מיט זיין געלעהרזאַמקייט געווען בעקאַנט כּמְעַט בייא אללע געלעהרנטע אין זיינער צייט; פיעלע פון דיא גרעסטע חֲכָמִים אין אייראָפּאַ האָבען מיט איהם קאָרעספּאָנדירט. דיא קריסטליכע געלעהרנטע חֲבְרוֹת (ученыя общества) האָבען איהם אַנערקענט, פיר איינען פון דיא פּאָשעטני מיטגלידער (члены). דער בעקאַנטע געלעהרנטע ה' טשאצקי, איז געוועהן איינער פון זיינע חֲבֵרִים, אונ האָט מיט איהם געשלאָססען אַפערבינדנים פון ברי־דערשאַפט אונד פריינדליכקייט. פיעלע געזעלשאַפטען אין רוסלאַנד, אויך אין אויסלאַנד, פלעגען זיך צו איהם ווענדען אונ פרעגען עצות אין פיעלע זאַכען, וועלכע האָבען בעריהרט דיא אויסבעסערונג פון פיעל עֲנְיָנִים אין דער יודישער וועלט. אונזערע רוסישע רעגיערונג פלעגט זייער פיעל מאָהל אויפמערקזאַם האָרכען זיינע פערשיעדענע פּראָיעקטען, אויך אַגרויסער טהייל פון זייא איז בע־שטעטיגט געוואָרען.

אים יאָהר 1819 איז געדרוקט געוואָרען אין זאָלקווי, אין גאַליציען, זיין „לוח המכּס" (טאַריף) אין יודיש דייטשער שפּראַכע, זיינע גרויסע קראַפט האָט ער געוויזען אין זיין סֵפֶר „יסודי לשון רוסיא", דאָס איז אַרוסישע גראַמאַטיק, ערקלערט אויף העברעאיש. דאס ווערק האט ער געשריעבען, ניט איבער־זעצט, בייא יודען הייסט דאָס אַגרויסע אַרבייט, וועלכע געהט אַרויס פון דער געוואָנהייט. אין דעם ווערק האָט לעווינזאהן בעוויזען מיט קלאָהרע רַאְיוֹת (פאַקטען) דיא פערגלייכונג פון דעם רוסישער שפּראַכע, מיט דיא אָריענטאַלישע אַלטע שפּראַכען, אונטער דיא שפּראַכען ווירד אויך גערעכענט דיא העברעאישע.

דיא קראַפֿט פֿון זיינע קענטניסע איז ניט געווען נאָר אין דער העברעאישער שפּראַכע אַלליין, דען ער האט פערשטאנען דיא דייטשע שפראַכע מיט איהר ליטעראַטור גרינדליך, לויט מען זעהט אַרויס פון זיין פּראָיעקט, וועלכען ער האט געשיקט אין דיעזער שפּראַכע צום פּירסט קאָנסטאַנטין פּאַוולאָוויטש אים יאהר 1823 וועגען גרינדען שולען אונ סעמינאַריען פֿיר אונזערע יודען אין רוסלאַנד; אויסער דעם האָט ער געשיקט אַ פערצייכנים וועגען דיא כּתּות (סעקטע) וועלכע זענען געווען בייא יודען, זייט זייא עקסעסטירען ביז דיעזען טאָג, וויא דיא צאַדוקעער, עססעער, קאַרראַיטען, אונ דער גלייכען.

3

אין דער צייט פֿון לעווינזאָהנ׳ס קראנקהייט, וואָס האָט געדויערט צוועלף יאהר, זענען זיינע האֶנד געווען פֿערלעגט, אונ ער איז ניט אים שטאַנד געווען עטוואָס צו שרייבען. ווען זיין געזונד האָט זיך נאָר אָנגעהויבען צו פֿערבּעסערן, האָט ער אָנגעהויבען דענקען אונ זאָרגען פֿאַר זיינע ברידער; ער האָט אַללע מאָגליכקייט אַנגעווענדעט זייא צו בּילדען. איהם האָט דאָס הערץ וועה געטהון צו צוזעהען דעם שלעכטען צושטאנד פֿון יודען אין רוסלאַנד, דיא זענען אלליין נאָר ווייט פון בּילדונג, זייא לערנען ניט נאר קיין שום וועלטליכע זאכען, וואָס דער מענש דארף אַזוי נעטהיג האָבען צום לעבען, נור אַפילו לְשוֹן־קוֹדֶש, אונזער הייליגע שפראַכע, וואָס אין איהר ליגט אונזער גאנצע אֱמוּנָה (רעליגיע) פֿערשטעהען זייא אויך ניט. דער גרעסטער טהייל פון זייא קענן אֲפִילוּ ניט קיין תּנ״ך, דער מָקוֹר פֿון אונזער אֱמוּנָה, וועך שמועסט אנדערע סְפָרִים, פֿון אונזערע בּעריהמטעסטע געלעהרטע אין אלטע צייטען, אין וועלכע עס קוממען פֿאַר פֿער־שיעדענע חָכְמוֹת — ווייסען זייא אֲפִילוּ ניט דיא נאָמען, זייא קעננען ניט דיא היסטאָריע פון זייער אייגען פֿאָלק. הַכְּלַל, ניט דאָס וואָס אמענש דארף וויססען אַלס בּירגער אין לאנד, אויך ניט דאָס וואָס אַ מיטבירגער דארף קעננען פֿיר זיך אַלליין. דיא הויפטאורזאכע דערצו איז, ווייל אין דעם לעצטען יאָהר הונדערט, האָבען זיך יודען בּענארישט דורך דעם פֿאַנאַטיזמוס, אונ זייערע קינדער האָבען גענאָססען זעהר אשלעכטע ערציהונג, דורך דעם זענען אונזערע יודען נִמְאָס געוואָרען בייא דיא קריסטען, אונ אונזער הייליגע אֱמוּנָה איז דורך דעם אויך בּעשולדיגט געוואָרען; דיא רעגירונג האָט אויף אונז געקוקט מיט אנדערע אויגען. דאָס אללעס האָט דער גרויסער געלעהרטער ר׳ איצי בער געזעהען, אונ דאָס הערץ האָט איהם געבּלוטעט, האָט ער אָנגעהויבען טראכטען מיטטעל, וויא אזוי אויס צובּעססערן דעם יודישען צושטאַנד, אונ האָט זיך בּעשלאָססען צו פֿערפֿאַססען דעם בּעריהמטען ספֶר „תעודה בישראל״. אין דעם סֵפֶר ווייזט ער הערוים עַל פִּי הַשֵּׂכֶל אונ דורך בּעווייזע פֿון פֿיעל סְפָרִים, זייט דער גְמָרָא, מִדְרָשִׁים, גאוֹנִים, רַבָּנִים פון אללע צייטען, וואָס זייערע וואָרטער זענען בייא אונז הייליג, אז דער יוד מוז פֿעראייניגען תּוֹרָה מיט דֶרֶךְ אֶרֶץ, אונ ער דארף לערנען פֿערשיעדענע

חָכְמוֹת אונ שפּראכען, וּבִפְרַט לְשוֹן־קוֹדֶשׁ אונ דִקְדוּק. דורך דער הילף פֿון איינינע געבילדעטע רייכע יודען, איז ער איהם יאָהר 1828 אים שטאַנדע געוועהן אַרוים צו געבען דעם טהייערן סֵפֶר „תעודה בישראל", וואָס איז באלד שטארק אָנגענומען געוואָרען ביי דער וועלט, האָטשי אין פֿיעל אָרטער האָט ער געהאַט שטאַרקע רְדִיפוֹת: דעם סֵפֶר האָט מען געברענט אונ פֿערניכטעט, דורך די גרויסע פֿאַנאַ־טיקער, וועלכע האָבען ניט פֿערשטאַנען דעם ריכטיגען צוועק פֿון דעם סֵפֶר, אַז דאָס קאָן פֿיהרען צו דער פֿערבעסערונג פֿון יודישען שטאנד אין רוסלאַנד, יודען זאָלען אויך אויסזעהן, וויא לייט. אַ קורצען אויסצוג פֿון דעם סֵפֶר האָט ר' יצחק בער אַוועק געשיקט צום קיסר ניקאָלאַי ז"ל; פֿאַר דעם סֵפֶר האָט איהם דער זעליגער קיסר געשיקט טויזענד רובל. דיא געלעהרטע יודישע קריטיקער אין אויסלאַנד האָבען דעם סֵפֶר זייער געלויבט, אַ גרויסען שֶׁבַח איבער איהם האָט געשריבען דער בעריהמטער ד"ר פֿראַנקל, ער האָט געזאָגט אז דער „תעודה בישראל" האָט זיך בעוויזען אַלס גרויסע וואונדערבאַרע ערשיינונג אין דער יודישער ליטעראַטור, אונ דאָס איז אַ וואָרט צור צייט, דאָס איז אויך געַ־שריעבען ריין העברעאיש, וועלכעס האָט כִּמְעַט קיין גלייכען צו זיך אין אונזער צייט. דאָס ווערק איז דאָס ערשטע מאָל געדרוקט געוואָרען דורך דעם מְחַבֵּר אַליין אים יאָהר תקפ"ח (1828), נאָך דעם אים יאָהר—תרי"ח (1858) האָט דער מְחַבֵּר נאָך אַמאָל געדרוקט דעם סֵפֶר, דיא רעגירונג האָט ביי איהם געקויפֿט 1000 עקס', אונ האָט זייא צוטהיילט אין דיא ראַבינער שולען. אין יאָהר תרל"ט איז דער ספר נאָך אַמאָל געדרוקט געוואָרען אין וואַרשאָ, דורך ב. נאַטאַנזאָהן, יעצט ווערט דער ספר געפֿאָדערט, דען ער איז גאָנצליך פֿערגריפֿען.

אין דער צייט האָט אויך לעווינזאָהן געשריעבען דיא „הפקר וועלט" אין זשאַרגאָן. מִכַּמָּה טְעָמִים האָט דער מְחַבֵּר ז"ל ניט געקענט דאָס ווערק דרוקען, נאָר דאָס מאַנוסקריפּט איז זעהר פֿיל געלעזען געוואָרען אונטער אלע זיינע בעקאַנטע, אונ האָט געמאַכט אגרויסען אַיינדרוק אין יענער צייט.

אים יאָהר 1831 האָט לעווינזאָהן פֿאָרגעשטעלט דעם מיניסטער דער פֿאָלקס אויפֿקלאָרונג, זעהר אַ וויכטיגען פּראָיעקט. ער האָט געמאַכט אויפֿמערקזאַם דיא רעגירונג אויף דיא גרויסע בעדירפֿניסע פֿון זיין פֿאָלק, וויא נאָטהיג עס איז פֿאַר זייא דיא אַלגעמיינע בילדונג, וועלכע זאָל זיין צו זאַמען געקעטעט מיט דער רעליגיאָן אונ וויא מען דאַרף צו דיעזען צוועק גרינדען שולען, אום צו ערציהען יודישע קינדער לויט דעם צייט־גייסט.

אים יאָהר 1833 האָט לעווינזאהן פּראָיעקטירט דעם מיניסטער ווגוטרעניך דיעל וועגען יודישע דרוקען, אונ האָט איהם געשיקט אַ פֿערצייכניס פֿון אלטע אונ נייע סְפָרִים, וועלכע זענען ווערט איבערגעדרוקט צו ווערען; נאָכדעם אז דיא רעגירונג האָט דעם פּראָיעקט איבערגעזעהן, האָט זיא בעפֿאָהלען אים יאָהר 1836 דעם פּראָיעקט אין דער ווירקליכקייט צו ברענגען.

אים יאָהר 1834 איז געדרוקט געוואָרען לעווינזאָהן'ס סֵפֶר „אפס דמים" וועלכער איז אַלגעמיין בעריהמט דורך זיין גרויסען נוטצען, וואָס ער האָט

געבראַכט אויף דער וועלט. דער צוועק פֿון דעם ספר איז צו ווייזען, דאָס דיא אַלע בִּלְבּוּלִים פון „עֲלִילַת דָם" זענען פֿאַלש. אַלע בעווייזע אין דיזען ספר זענען געגרינדעט אויף היסטאָרישע פֿאַקטען. דער ספר איז איבערזעטצט אין דער ענגלישע שפראַכֿע, אויף דעם בעפֿעהל פֿון דעם צדיק ה"ר משֶׁה מָאנְטֵיפְיוֹרִי ז"ל, דורך דעם וועלטבריהמטען געלעהרטען ר"ר אֱלִיעֶזֶר הַלֵּוִי לֶעוִוִי ז"ל, נאָך דער גרויסער בלוט בעשולדיגונג, וואָס איז געוועזען אין „דַמֶּשֶׂק" אים יאָהר ת"ר (1840). דיא דאָזיגע וועלכע האָבען דעם ספר געלעזען אין דער ענגלישער איבערזעטצונג, זאָגען: אַז דער מְחַבֵּר פֿון דעם ספר האָט דער מיט עררייכֿט זיין צוועק. דער ספר איז דורך דעם מְחַבֵּר, מיט גרויס מיהע געדרוקט געוואָרען אין ווילנא אים יאָהר תקצ"ז. דיא צווייטע אויפֿלאַגע איז געדרוקט געוואָרען אין אָדעסאַ אים יאָהר תרכ"ד, אונ צום דריטטען מאָל איז דער ספר געדרוקט געווארען אין וואַרשאָ אים יאָהר תרל"ט, אין דער צאָהל פֿון 3000 עקס', דורך ב. נאַטאַנזאָהן, אונ דאָס פֿירטע מאָל אים יאָהר תרמ"ד, דורך הרב הח"ם ר' שמואל לעווין ז"ל, מיט דיא אַללע דאָקומענטען וועלכע געהערען צו דער בלוט בעשולדיגונג. דער ספר איז זייער בעליעבט בְּכָל תְּפוּצוֹת יִשְׂרָאֵל.

אינ'ם יאָהר 1884 איז דער ספר „אפס דמים" איבערזעטצט געוואָרען אין דער רוססישער שפראַכֿע דורך ה' יוֹסֵף סָארְקִין אין פֶּטֶרְבּוּרְג, אונ שפּעטער מיט אַ יאָהר, איז אויך דער ספר איבערזעטצט אין דער דייטשער שפראַכֿע דורך ה' פֿריעדלענדער, אונ אויך דורך בן-נץ אין בערלין.

מערקווירדיג איז צו בעמערקען, דאָס דיא משפחה פֿון ר' איצי מער לעווינזאָהן, איז דורך דער הַשְׁגָחָה עֶלְיוֹנָה אַלליין אויסגעוועהלט געוואָרען צו זיין מליצים פאַר אונזער פֿאָלק. ר' איצי בער'ס עלטער פֿעטער הרב ר' אליקום פֿון יאַמפּאָלי, איז אלס דעפּוטירטער געפֿאָרען קיין רומאָ צום פּאַפּסט, בִּפְקוּדַת הָרַבָּנִים הַגְּאוֹנִים דְאַרְבַּע אֲרָצוֹת, נאָך דער גרויסער אֲסֵפָה וואָס איז געוועהן אין בראָדי וועגען עֲלִילַת דָם, וואס עס איז פֿארגעקוממען אין יאמפּאלי אים יאהר תקי"ז לאלף הששי. ר' אליקום זצ"ל איז געוועהן אַ ציר נֶאֱמָן לְשׁוֹלְחָיו, ער האָט אויסגעווירקט אַ פְּסַק (עדיקט) פֿון דעם פּאַפּסט צו דער פּוילישער רעגירונג אין לאַטיינישער שפראַבע, דיא רעליגיעזע שריפֿט (כְּתַב הַדַת) איז געוועזען פֿערזיגעלט מיט דעם וחותם פֿון דעם פּאַפּסט, אונ מיט זיין אייגענער אונטערשריפֿט, אַז מיא זאָל דעם בִּלְבּוּל־דָם אונטער־ברענגען, אונ עס זאל מעהר ניט פֿאָרקוממען, ווייל דאָס איז אַזא זאַך וואס עס האָט אין זיך קיין שום ממש ניט. „בייא מיין טאַטען — שרייבט לעווינזאָהן אין איינעם פֿון זיינע ספרים — איז פֿון דעם פּאַפּיר געוועהן אַ געדרוקטע קאָפּיע אויף לאטיין אונ פּוליש, דיא איבערזעטצונג האָב איך אליין געזעהן, ווען איך בין נאָך אַ קינד געוועהן, אונ זיא איז ליידער פֿערלאָרען געגאַנגען. דער גּוּף הַמִּכְתָּב אויף לאטיין שריפֿט, געשריבען אויף פּאַרמענט, האָט זיך נאָך געפֿונען בייא ר' אליקום'ס יורשים אין מעזיבוז, אונ נאָך פֿיעל שריפֿטען וועגען דעם עִנְיָן. זעקס

יאָהר איז ר׳ אליקום געזעסען אין רומא, האט זייער פֿיעל געאַרבייט וועגען דעם, אונ איז געוועהן זייער אַנגזעהן בייא דעם פּאַבסט מיט זיינע קאַרדינעללע, דען ר׳ אליקום איז געוועהן זייער אַ גרויסער געלעהרטער, ער איז געוועהן פֿון ר׳ יוסף שמואל הלוי׳ם משפחה, וואס פֿערדינאַנד קאַטאָליקוס, דער מלך פון שפּאַניען האט ארויס געטריעבען. אויך מיין עלטער פֿעטער, ר׳ מֵאִיר פַּרְנֵס מִדוּבְּנָא, (פֿון זיין מוטערס זייטע) מעג אויך דערמאַנט ווערען צו גוטען, ווייל ער האט אויך זייער פֿיעל מיהע געהאַט, אונ האָט זיך מִשְׁתַּדֵל געוועהן בייא דיא פּולישע מאַגנאַטען וועגען בִּטּוּל עֲלִילַת דָם. אַדאַנק צו השי״ת וואָס ער האט מיך אויך מְזַכֶּה געוועהן מיט דער גרויסער מִצְוָה, איך זאָל געהן אין דעם וועג פֿון מיינע עלטערן, איך זאָל זיך מִשְׁתַּדֵל זיין וועגען בִּטּוּל אַשְׁמָה זוּ. (עכ״ל הֶחָכָם ריב״ל ז״ל אין זיין בעריהמטע ספר בּית יהודה, זייטע 117 חלק ב׳).

אים יאָהר תקצ״ט (1839), האָט ערשיינט אין ווילנא דער בעריהמטעסטער ספר „בית יהודה“. אין צוויא טהייל. אין דעם ספר קומט פֿאָהר דיא געשיכטע פון דעם יודישען פֿאָלק, זייט זיינער עקסיסטענץ ביז היינטיגען טאָג. אויך קומען פֿאָר דיא הויפט ספרים, וואָס אויף זייא איז געגרינדעט אונזער רעליגיאָן. אויך דיא חִבּוּרִים וועלכע ענטהאַלטען פֿערשיעדענע חָכְמוֹת אונ וויססענשאַפֿטען, פֿון דיא גרעסטע חֲכָמִים, אונ מְחַבְּרִים אין יעדען דור, וועלכע זענען בעקאַנט מיט זייער תּורה אונ מיט זייער חָכְמָה. אויך קומט פֿאָר אין קורצען דיא געשיכטע פֿון אונ־זערע פּאַטריאַרכען (אָבוֹת), פון אַבְרָהָם ביז משֶׁה, זייערע קענטניססע, הַנְהָגוֹת אונ זייערע וואָהלטהאַט וְכַדוֹמֶה. —

אויך ווירד דאָרט געשפּראָכען וועגען דיא סעקטען וועלכע זענען פֿאָרגעקו־מען אין יעדער צייט, מיט אַללע תַּקָנוֹת וועלכע זענען איינגעפֿיהרט געוואָרען אין יעדער צייט, אויך אין יעדען אָרט לְטוֹבַת עַם יִשְׂרָאֵל, א. ז. וו.

אים יאהר תרי״ח (1853) האט לעווינזאָהן איבערגעדרוקט דעם ספר „בית יהודה“ אין ווילנא, דיא רעגיערונג האָט דאַמאַלס בייא איהם געקויפֿט טויזענד עקז׳, אום צו פֿערברייטען דעם ניטצליכען ספר אין דיא ראַבינער-אויך דיא אַנדע־רע יודישע שוהלען אין רוסלאַנד.

4.

אים יאהר תר״א (1841) האָט לעווינזאָהן אַרויס געגעבען זעהר אַנוטצליך ספר אונטער דעם נאָמען „שרשי לבנון“ צוזאַממען נאָך מיט אַ ספר „בית האוצר“. אין דעם ערשטען ספר ווערען פֿערטייטשט אונ ערקלערט דיא שווערסטע ווערטער פון תּנ״ך, נאָך דעם אַלפֿאַ־בית געאָרדנעט. דאָרט קומען פֿאָר פֿיעלע ערקלערונ־גען פֿון אַנדערע אָריענטאַלישע אַלטע שפּראַכען, אויך וויססענשאַפֿטליכע אַבהאַנד־לונגען, גאַנץ נייע בֵּאוּרִים אויף גאַנצע שטעללען פֿון תּנ״ך וּמִדְרָשִׁים. דער ספר איז בעאַרבייטעט גאָר אויף אַ־אַנדער אופן, ניט אזוי וויא אונזערע ווערטער ביכער וועלכע ערקלערען נור דאָס וואָרט טראָקען. דער ספר דינט אויך פֿיר אַ לעזע בוך,

דורך זיינע בּעלעהרונגען אונ פֿאָרשונגען, וועלכע שטאַמען אַרויס פֿון דיא שָׁרָשִׁים. דאָרט קוממען פֿאָר ערקלערונגען פֿון פֿיעל קריסטליכע געלעהרטע וועגען מיטאָלאָגישע בּעהאַנדלונגען. דער צווייטער טהייל „בית האוצר״ ענטהאַלט פֿערשיעדענע עִנְיָנִים: אַ קצור געשיכטע פֿון דיא פּערסיאַנער; דיא היידענגעשיכטע (קורות עֲבוֹדַת אֱלִילִים) צו ערקלערען דיא בּיבּעל; איבּערזעצונג פֿון יוֹסִיפוֹן געגען אַפּיאָן מיט אנמערקונגען; דיא ענטדעקונג פֿון דיא בְּנֵי הָרַכָּבִים; תשובות אויף פֿיעל שְׁאֵלות פֿון איינינגע יודישע געלעהרטע; איבּער דיא צענזאָרען אונ דיא יודישע דרוקען, א. ז. וו..

איהם יאהר תרע״ז (1816) האָט מען לעווינזאהנען געמעלדעט אוים פּעטערבּורג, אז דער מיניסטער דעם אינערען (Минист. Внут. дѣлъ) האָט געשריעבּען דעם קיובער גענעראַל גובּערנער וועגען איהם, אונ האט איהם פֿאָרגעשטעלט פֿיר זעהר אַ בּראַווען נוטצליכען מאַנן, אונ לויבּט איהם זעהר, אונ אויבּ עס איז מעגליך מעג ער איהם אויפנעמען אַלס Чиновн. особ. поруч. , בּייא דיא עִנְיָנִים וועלכע בּעריהרען יודען, נור לעווינזאהן האָט קיין שום שטעללע ניט געוואָלט אָננעמען, מִכַּמָּה טְעָמִים: ער איז געוועהן זעהר אַאֱמֶת׳ער מענש אונ האט פֿיינד געהאַט צו שמייכלען, ער האָט דאַרום זעהר פֿיעל געליטען, אונ האט זיך בּעגניגט מיט דעם ווינציגסטען, חאָטשי ער איז געוועהן קראָנקליך, כְּדֵי ער זאָלל ניט דאַרפען אָנקומען לִידֵי מַתְּנַת בָּשָׂר וָדָם; ער האט אויך דאַדורך ניט געוואָלט אָננעמען קיין שום רעגיערונג׳ס שטעללע, אֲפִילוּ דיא שטעללע פֿון אָבּער־ראַבּינער איבּער אַללע רוסישע יודען, וואָס דיא רעגירונג האָט איהם פֿאָרגעלעגט. וויא מען זעהט פֿון דעם בּריעף וועקסעל צווישען איהם מיט לעאָן מאַנדעלשטאַם, אונ ד״ר ראובן קולישער פֿון פּעטרסבּורג אים יאהר תר״ז (1846). לעווינזאהן האט געוואוסט אז מיט דער וואַהרהייט אַלליין איז זיך שווער דורכצושלאַגען, איבּערהויפּט ווען מען איז אַבּהענגינג פֿון אַנדערע, אונ דיא הויפּטאורזאַכע איז געוועהן: בּייא איהם איז דיא צייט געוועהן זעהר טהייער, דאדורך האט ער איינינגע מאָהל דער רעגירונג, אומגעקערט איינינגע פֿאָרלעגונגען. предложенія וועגען דער אָבּער־ראַבּינער שטעללע האָט ער געענטפֿערט, אַז ער פֿיהלט זיך ניט אימשטאנד אָבּער־ראַבּינער צו זיין; ערסטענס איז ער ניט רָאוּי דער צו, ווייל ער קענן ניט אַזוי פֿיעל, וויפֿיעל מען דאַרף קעננען; צווייטענס, פֿיהלט ער זיך ניט אין כֹּחַ דיא שטעללע אָנצונעמען, ווייל ער איז זעהר קראָנקליך. אין אַ בּריעף צו דעם ד״ר קולישער שרייבּט ער וועגען דעם, אז ער קאָן ניט פֿאָהרען ווייל ער האָט ניט וואס אָנצוטהון, וואָרום אז מען קומט אונטער מענשען דאַרף מען אייסערליך פֿיין אויסזעהן.

5.

וועגען דיא אינטריגען אין ווילנא צווישען פֿאָלק מיט דיא לעהרער אין דער ראַבּינער שוהלע, קאָנן מען פֿערשטעהען פֿון דעם בּריעף וועקסעל צווישען לעווינזאהן מיט דעם געלעהרנטען בֶּן־יַעֲקב פֿון ווילנא. איינינגע בּריעפֿע פֿון

ה׳ בֶּן־יַעֲקב צו לעווינזאהן זענען פֿאָרגעקוממען אין דעם יאַהר־בוך הכרם, וועלכע דער אַרויסגעבער ה׳ אטלס האָט פֿון ב. נאַטאַנזאָהן (המו״ל ספרי ריב״ל) בעקוממען. דאָס איז אַ קיצור פֿון אַבריעף וואָס לעווינזאָהן האט געשריעבען צו בֶּן־יַעֲקב. אים יאהר תרט״ז.

„דיא לעצטע פֿאָרטזעטצונג פֿון דיינע בריעפֿע, פון 28 מְנַחֵם, האָב איך מיט קוממער און הערצענסקראָנקונג געלעזען, איך האב שוין לאנג אַרוים געזעהען דעם גייסטיגען צושטאַנד פֿון אונזערע ברידער, דאָ אין דער מדינה דאס פֿאָלק האט זיך צוטהיילט אויף פּאַרטייען, מיט דיא מיינונגען זענען זייא ניט אייניג. איך האָב אַרוים געזעהען אז מען דאַרף האָבען אגרויסען אוּמָן (ספעציאַליסט), טאַקע פון אונזערע ברידער, אום דאס פֿאָלק אויסצובעססערן, אונ זייא צובּרענגען אויף דעם ריכטיגען וועג פון דער בילדונג, אויך זיך צו סטאַרען בייא דער רעגיערונג מיט שֵׂכֶל אונ גרויס מְתִינוּת. נאָך דעם אז איך זעה פֿיעל מענשען פֿון דיין שטאָדט, זענען קוֹפְצִים בּראש, אונ האָבען געוואָלט אין איין מינוט אַללעס אויסבעססערן, אונ האָבען נאָך דערצו אוים געוועהלט אַמענש וועלכער איז ניט פֿעהיג דער צו, וּבִפְרַט איך האב אייך וועגען דעם געוואָרנט, נור אז איך האָב געזעהען אז מען הערט מיך ניט, האָב איך זיך מעהר ניט געוואָלט מישען, איבערהויפּט אצונד, אז איך בין גאָר געפֿעהרליך קראַנק, אונ דער צו חֶסְרוֹן פַּרְנָסָה, ביז אָן איין סוֹף, אונ איך ערוואַרטע מיט אונגעדולד מיין שטאַרבען, פון דעסטוועגען ווענן דיא רעגירונג פראַגט מיך עפעס אַעִנְיָן, וואָס איז נוֹגֵעַ דעם כְּלַל יִשְׂרָאֵל, נעם איך מיר צונויף אללע מיינע קרעפֿטע אונ ענטפער איהר. דאַרום מיין טהייערער! פון דיזע אייניגע ווערטער קענסט דוא שוין פֿערשטיין. אונ אויב דיא פערדאָרבענהייט (קִלְקוּל) איז באמת בייא אייך אויך אזוי שטאַרק וויא בייא אונז, וועל איך זיין אַ מוּכְרַח, איך זאל מיר אפילוּ דאָס לעבען אַיינשטעללען, אונ זאל טהון אלעס וואס עס איז נאָר אין מיינע קראֶפטע, נאָר צו קאָרעספאָנדירען אין דעם עִנְיָן מיט אייך בין איך ניט אים שטאַנד, דאָס מעגט איהר יאָ טהון, איהר זאלט מיר שיקען פון אייך איינעם אַקלוגען מענש, וועל איך שוין זעהען מיט איהם וועגען דעם איבערשמיעסען.

פון דעסטוועגען זעהט מען חאָטשי ער איז קראַנק געוועזען, אונ איז ניט אין שטאנד געוועהן צו שרייבען, האט ער דאך זיין מיינונג נעגעבען, אויך אייניגע פונקטען, וויא מען זאָלל אויסבעססערן, דעם מאָראַלישען צושטאנד פון יודען אין רוסלאנד, פון דעם יאהר תרט״ז:

א) „מען זאלל מאכען שוהלען, אונ דאָרט לעהרנען מיט דיא קינדער: תּוֹרָה, דַת, מִצְוֹת, מִדוֹת אונ מוּסָר צוזאַממען, וואס עס געהער צו גאָטט אונ צו לייט, אונ וויא אזוי מען זאלל אויספֿאָלגען דיא געזעטצע פון דער רעגיערונג, אללעס דורך אַגוטטער אָרדנונג, אונ דאַצו זאלל מען אויסוועהלען בעזאָנדערע סְפָרִים, אין וועלכע עס קוממען פֿאָר דיא אללע זאַכען, אונ וועלכע שטיממען מיט, מיט דיא יאהרען פון דיא קינדער. אויך דיא מיידלעך זאָללען לערנען לויט זייער בעגריף, וועלכעס עס איז נייטיג פֿיר פֿרויען, וויא פון געזעטצליכע געגענשטענדען,

מאָראַל אונ גוטע מִדות. דיא יונגלעך אונ דיא מיידלעך זאָללען דאַבייא לערנען עפּעס אַמְלָאכָה אדר אַ ארבייט, דענן ליידיג ארום געהן אונ מאַנגעל אין דער פַּרְנָסָה, זענען דער אַנפַאַנג פֿון אללע זינדע. דיא מְלַמְדִים אונ דיא מְלַמְדוֹת זאָללען זיין וויסענדרע מענשען, בַּעֲלֵי מִדות ומוּסָר, יְרֵאִים וּשְׁלֵמִים, אונ זאָללען זיין בְּקִיאִים (אֶפּיטני) אין דעם עִנְיָן פון קינדער ערציהונג (גִּדוּל בָּנִים) אונ אין דיא אוֹפַנִים פון דעם לערנען, דענן דאס איז אַשווערע מְלָאכָה, אונ ניט יעדער מענש איז מְסוּגָל דאַצו, ער מעג אויך זיין געלעהרנט. אונ עס איז גאָר ניט אזוי נייטיג אז דאס גאנצע פֿאָלק, פון קליין ביז גרויס זאָללען זיין אללע רַבָּנִים, אללע חֲכָמִים, אללע דאָקטורים אדער פֿילאָזאָפען. עס איז גענוג פֿאַר אַיודען פֿינ'ס פֿאָלק, ער זאָלל קעננען תּנ"ך מיט אַפירוּש מַסְפִּיק, אַביעסעלע דִקְדוּק, זיין בעקאַנט מיט איינִיגע דִינִים פון שֻׁלְחָן עָרוּךְ, אונ זאל קעננען דיא לאַנדס שפּראַכע בִּכְתָב וְלָשׁוֹן, אביסעל רעכנען (חָכְמַת הַחֶשְׁבּוֹן), זאָל קעננען לעזען אַמאָראַליש ספר אויף לְשׁוֹן הַקוֹדֶש, אויך אביסעל לָשׁוֹן הַקוֹדֶש שרייבען, — דאָס אַללעס זאָל מען לערנען אין דיא קליינע ערטער, אָבער אין דיא גרויסע שטעדט, וואס דאָרט געפינען זיך שוין פֿיעל יודען, זאללען אויך זיין גרויסע בָּתֵּי מִדְרָשׁ וִישִׁיבוֹת) דאָרט זאָללען דיא בְּנֵי עֲלִיָה, (וועלכע האָבען גוטע קאָפּ) לערנען תַּלְמוּד וּפּוֹסְקִים בייא דיא גרויסע רַבָּנִים, וועלכע וועלען אויסגעקליבען ווערען אין דער מְדִינָה, אויך זאללען זייא לערנען געוויססע חָכְמוֹת, וויססענשאַפט, אונ פֿערשיעדענע שפּראַכען בייא דיא גרעסטע חֲכָמִים (געלעהרטע) וועלכע וועלען דער צו אויס־געוועלט זיין.

ב) מען זאל אויסוועלען אַרַב הַכּוֹלֵל, אַחָכָם מוּפְלָג, מיט אַגרויס ב"ד פון חַכְמֵי־מַדָע, זאָללען בייא איהם זיצען, אונ דורך זייא זאָללען אויסגעקליבען ווערען רַבָּנִים, מַגִידִים אונ בַּעֲלֵי־הוֹרָאָה, אין יעדער שטאָדט. דער רב הַכּוֹלֵל זאָל האָבען צו זאָגען איבער דיא בָּתֵּי כְּנֵסִיוֹת אונ בָּתֵּי מִדְרָשׁוֹת בִּכְלַל, אויך דער צו זאָללען אוים געקליבען ווערען פון דער מדינה פּאָשעטני גבירים אונ פֿערשטענ־דיגע מענשען, זייא זאללען זיין פַּרְנָסִים כּוֹלְלִים, זייא זאָללען אכטונג געבען אין צָרְכֵי רַבִּים (שטאָדט זאַכען).

ג) עס זאָללען זיין מַגִידִים אונ מוֹכִיחִים אין יעדער שטאָדט, אזוי וויא עס איז אמאָל געוועהן, קלוגע מענשען וועלכע קעננען שאָהן רעדען, זייא זאללען דַרְשָׁנֶען אין געוויסע צייטען, בִּפְרַט שבת ויו"ט, זאללען זאָגען מוסר דעם עולם. אונ פֿאָרשטעללען גוטע מדות, דיא ווערטער זאללען זיין פול מיט חֵן אונ פֿערנינפטיג (שַׂכְלִדִיג), בִּכְדֵי זייא זאללען מאכען אַרושם אין דיא הערצער פון דעם פֿאָלק. זייא זאָללען דאס פאלק מאכען אויפֿמערקזאַם, אויף שלעכטע פֿער־דאָרבענע אויפפירונגען, וועלכע וואָרצלען זיך איין אין דער אומה בִּכְלַל, אויך אין יעדער שטאָדט אויך בייא אַיָחִיד בִּפְרַט. דיא דאָזיגע מַגִידִים אָדער דַרְשָׁנִים זאָללען ניט דַרְשְׁנֶען פון קיין שום רְמָזִים אונ קַבָּלָה, נאָר אויף דעם אַרט פון דעם חוֹבַת הַלְבָבוֹת אונ דערגלייכען.

ד) מען זאָלל זיך סטאַרען בייא דער רעגיערונג אז זיא זאָלל וועניגסטענס

פיר אַדריטעל נעמיינרע פון יעדער שטאָדט, געבען פעלדער, אז זייא זאָלען זייא בעאַרבייטען, אונ זייא זאָלען האָבען בְּהֵמות מיט שאָף, וויא אונזערע עלטערן האָבען זיך געפיהרט, אונ אין דיא קאָלאָניען זייערע זאָללען זיך געפינען שוהלען, דאָרט זאללען דיא קינדער ביז צוועלף יאָהר לערנען, וויא מיר האבען בעצייכענט אין דער א׳. יעדע קאָלאָניע זאלל האָבען איהר בֵּית הַמִדְרָש, אונ דאָרט זאָל זיך געפינען אַמַגִיד, אָדער אַמוֹכִיחַ, ער זאָל אום שבת אונ יום טוב, עפעס ריערענ־דעס זאָגען פאַר דעם עולם.

ה) דיא רַבָּנִים זאָללען שטרענג פערביטטען דעם הָמון־עַם יִשְׂרָאֵל, וואו זייא געפינען זיך, זייא זאָללען ניט טראָגען טהייערע וויידענע קליידער, אויך ניט קיין לוקסוס זאַכען פון זילבער, גאָלד אונ ניט קיין פעריל, אינשטוב זאָלען זייא אויך ניט ניטצען מיט כֵּלִים פון גאָלד אָדער זילבער, אונ ניט צו האָבען קיין טהייערע חֲפָצִים, וואס מען קענן זיך אָן זייא בעגעהען, אויך זאללען זייא ניט אויספאָהרען אין קאַרעטען אונ אין עקיפאַזען. הַכְּלַל! זייא זאָלען זעהר פאָרזיכטיג זיין ניט צו האָבען קיין שום לוקסוס זאכען (מוֹתָרוֹת), וויא מיר זעהען ליידער, אז דער עָנִי שֶׁבַּעֲנִיִים, דער גרעסטער אָרימער מאַנן בעקליידט זיינע זאָהנע אונ טאָכטער וויא איינער פון דיא נְגִידִים, אונ בֶּאֱמֶת זעהט מען אז דער לוקסוס פיהרט צו דער גרעסטער פערדאָרבענהייט. איבערהויפט זאָלען אונזערע קאָלאָניסטען, וועלכע וועללען זיך בעשעפטיגען מיט עֲבוֹדַת אֲדָמָה (ערד אַרבייט), זיך אַנשטרענגען וויא מעגליך, אונ אַנטלויפען פון איבעריגעס, דאס הייסט לוקסוס, זאָללען זיך גאַנץ איינפאַך לעבען פראָסט, אונ זייערע מַלְבּוּשִׁים זאָלען ניט קאָסטען טהייער, זאָללען גאָר זיין איינפאַך אָבער ריין!״.

## 6.

לעווינזאהן פלעגט זעהר בעאָבאַכטען דיא געזעטצע פון אונזער הייליגער תורה, אונ האָט זעהר פיינד געהאַט, דיא היינטיגע וואולע יונגען, וועלכע טרעטען איבער דעם גְבוּל, וואָס אונזערע חֲכָמִים האבען בעגרענצט, לאָזען זיך צופיעל צו, דאס הייסט: זיך אַסימילירען מיט אַנדערע פעלקער, כְּמוֹ שֶׁכָּתוּב: וַיִתְעָרְבוּ בַגּוֹיִם וַיִלְמְדוּ מַעֲשֵׂיהֶם, וועלכע קענן ברענגען חָלִילָה צו חִלוּל בְּרִית ה׳, מיט זיין פאָלק יִשְׂרָאֵל. אויף דיא רעפאָרמער אין אויסלאַנד, וועלכע האבען פראָיעקטירט צו פערבייטען דעם טאָג פון שבת אויף זונטאַג—האט ער געזאגט: ווענן עס איז זייא ניט שווער געוועהן מחלל צו זיין דעם טאָג פון שבת, וואס ער איז בעשטימט געוואָרען פון גאָטט אַלליין, וויא לייכט וועט זייא שוין יעצט זיין מְחַלֵל זיין דעם זונטאַג, וואס זייא האבען אַלליין בעשטימט! אַלזאָ וועללען זייא צךביידע טאָג נוהג זיין וויא אין דער וואָכען: שבת וועללען זייא זיך נוֹהֵג זיין וויא דיא גוים, אונ זונטאַג וויא דיא יודען! —

צו דיא מְחַבְּרִים, וועלכע פלעגען איהם שיקען זייערע סְפָרִים, ער זאל אויף זייא געבען זיין הַסְכָּמָה, פלעגט ער שרייבען, אז למעה״ש זייא זאָללען זיך ניט

איילען זייא צו דרוקען, דענן וואס מעהר דער ספר וועט ליגען בייא דעם מְחַבֵּר, ווערט עס מעהר אויסגעבעסערט אונ גערייניגט ווערען. ער פלעגט צו צייטען לויבען גאָטט דער פּאַר, וואס ער איז אַזאַ עָנִי וְאֶבְיוֹן, אונ וואָס ער קען באַלד ניט דרוקען דאָס ווערק וויא עס ווירד נור געשריעבען, דורך דעם ווערען זיינע ווערקע געלייטערט פון כָּל הַפְּסוֹלֶת. ווענן ער זאָל אָבער רייך זיין, וואָלט ער באַלד גע־דרוקט, וואָלטען געוויס דיא ווערקע אַרויס מיט זעהר פּיעל פעהלער. „אויף מיינע ספרים—האָט ער געזאָגט—קענן מען זאָגען: „הִזָהֲרוּ בִּבְנֵי עֲנִיִּים שֶׁמֵּהֶם תֵּצֵא תּוֹרָה!"

אים יאהר ת"ר האָבען דיא גרעסטע מַשְׂכִּילִים פון ווילנא געשיקט לעווינ־זאָהנען אַ ביטשריפט, אַז ער זאָל ניט אויפהערען צו זיין אַמֵלִיץ יוֹשֶׁר פאַר זיינע ברידער, אונ אַזוי וויא ער האָט אָנגעפאַנגען צו פערברייטען וויססענשאַפט מיט בילדונג, אזוי זאָל ער אויך פאָרטזעצען אין דער צוקונפט, אונ ער זאָל שניידען זיינע ליעבליכע פערפלאַנצונגען וועלכע ער האָט פאַר זעעט, מיט זיין ביטטערן שוויים, אין זיינע נוטצליכע ספרים (זיעהע סֵפֶר הַזִכְרוֹנוֹת דף נ"ג ונ"ד). אויף דיעזער אַרט האָט ער אויך בעקוממען בריעפע, פון דיא מַשְׂכִּילִים אוים דובנאָ (רְאֵה שָׁם).

לעווינזאהנס הערץ איז געוועהן פיעל מיט פערטהיידיגונג'ס גייסט, אין זיינע בעריהמטע ספרים האָט ער פערטהיידיגט, ניט נור דיא יודישע נאַציע, נור אויך דיא העברעישע שפראַכע. ווער איז ניט בעקאַנט דיא טינטען־שלאַכט וואָס ער האָט געפיהרט יאָהרען לאַנג מיט דעם בעריהמטען לעקסיקאָגראַף אונ פילאָלאָג געזעניוס? ווער ווייסט ניט לעווינזאהנ'ס בְּקִיאוּת אין תַּלְמוּד אונ אין מִדְרָשִׁים? אויסער דעם איז ער זעהר בעקאַנט געוועהן אין דיא אָריענטאַלישע שפראַכען: גריכיש, ליטיין, אַראַביש, כאַלדעאיש, וויא מיר זעהען פון זיינע פילאָלאָגישע ווערקע: „שרשי לבנון" „תולדות שם" אונ „אהלי שם" (מאַנוסקריפט). אין דיא ספרים זעהט מען וויא ער האָט אללע תַּרְגוּמִים זעהר גוט פערשטאַנען. אויך אין דיא ספרים שטרייטעט ער מיט געזעניוס, אונ וויזט אוים פאַקטיש מיט גרויסע רְאָיוֹת, אז דיא העברעישע שפראַכע איז אַאורשפרינגליכע שפראַכע, אונד דיא איבריגע אַלטע שפראַכען האָבען זיך פון איהר געבילדעט. ער איז געוועהן זעהר אַנגעצייכנעטער דיכטער (משורר), וויא מיר זעהען פון זיינע שִׁירִים, וואָס ער האָט נאָך געשריעבען אין דער יוגענד, אונ אויך אין זיין מיטטעל־אַלטער, זעהר וויכ־טיגע געדיכטע געפינען זיך אין זיין ספר „אֶשְׁכּוֹל הַסּוֹפֵר". זיין עֲנָיוּוֹת זעהט מען אַרויס אין דער הַקְדָמָה צו דעם ספר, ער שרייבט דאָרט אז אַללע זיינע שִׁירִים, וועלכע זענען אַרויס פון זיין פעדער, זענען ניט כְּדַאי געצעהלט צו ווערען אונ־טער דיא שעהנע אונ ערהויבענע שִׁירִים. זיינע געדיכטע זענען נאָך ניט געקומ־מען צו דער מַדְרֵגָה, אז זייא זאָללען אָנגערופען ווערען שִׁירִים, דענן דער נאָמען געהער נור צו עטוואס קאָסטבאַרעס אונד געדיעגענעס, עטוואס זעניאַלעס, אַזאַ מַתָּנָה בעקומט נור איינער פון טויזענד, דאַצו מוז מען האָבען נאַטירליכע צובע־רייטונג, דער בייא העלפט ניט קיין מענשליכע מיהע אונד קיין לעהרנען (זיעהע סֵפֶר הַזִכְרוֹנוֹת זייטע קכח-קכט). ער איז געווען אַנגעצייכנעטער קריטיקער, וויא מען זעהט פון זיינע שריפטען. ער פלעגט ניט קריטיזירען דעם מְחַבֵּר, נור דעם

ספר, אונ ניט נור פון דער שלעכטע זייטע, נור אויך פון דער גוטטער זייטע. ער האט געלויבט דאס וואס עס איז ווערט געוועהן צו לויבען, אונ האט געשענדעט דאס אונווירדיגע, ניט אזוי וויא היינטיגע קריטיקער, וואס בייא זייא שפיהלט דיא פערזאן אראללע, זייא קריטיזירען ניכט דאס ווערק נור דיא פערזאן. ער איז געוועזן אפאלקס שריפטשטעללער אין פאללען זיננע דעם ווארטעס, וויא מיר זעהען פון זיינע ספרים „תְּעוּדָה בְּיִשְׂרָאֵל" אונ „בֵּית יְהוּדָה". ער איז געוועזן אַמֵלִיץ יוֹשֶׁר פיר זיין פאלק, וויא מען זעהט פון זיין אֶפֶס דָּמִים, זְרֻבָּבֶל, יְמִין צִדְקִי אונ אֲחִיָּה הַשִּׁילֹנִי. ווען ער איז נאך געוועהן איונגער מאנן האט ער געשריעבען קליינע סאטירישע בראשורקעס, אויף חסידים־לשון, אונטער דעם נאמען: דִּבְרֵי צַדִּיקִים, עֵמֶק רְפָאִים וּבוֹחַן צַדִּיק. עס איז אגרויסע סְבָרָא, אז ער האט געהאט אגרויסען אנטהייל מיט זיין שרייבען, אין דעם בעקאנטען ספר „מְגַלֶּה טְמִירִין". ער האט ניט געוואלט זיין נאמען זאלל פיגורירען אויף אזעלכע ווערקע, ווענן ער האט אין זינן געהאט צו שרייבען אזעלכע ריעזען ווערקע, וועלכע האבען אנייע עפאכע געבילדעט אין דער יודישער ליטעראטור. וויר זעהען אז ניט נור אין דער ליטעראטור אלליין, האט ער אונז געשטיצט פון אונזערע שונאים, וואו עס האט בעריהרט דאס יודענטהום בִּכְלָל, נור אויך בייא אינדיווידועללע זאכען (עִנְיָנִים פְּרָטִיִּים), וויא מען זעהט פון דער ביטטע וואס ער האט געשריבען אים יאהר תר"א, דורך אדעפוטאציאן פון דרייא פארנעהמסטע מענשען, וואס דיא אַלוּפֵי אונ מַנְהִיגֵי בְּרִיסְק־דְּלִיטָא האבען געשיקט צו לעווינזאהן, ער זאל אויף זייא ממליץ זיין פיר דער רעגיערונג, וועגען דיא הייזער וואס דיא רעגיערונג האט בייא זייא צוגענוממען, בשעת מאכען דאס יעצטיגע פעסטונג (זיעהע סֵפֶר הַזִּכְרוֹנוֹת זייטע 66).

לעווינזאהן האט פיעל ניט געטראכט, אונ האט אן געשריעבען אגרויס־ארטיגע פראשעניע (מִכְתַּב תַּחֲנוּנִים) אונ אפארטרעפליכע הימנע (שִׁיר) צו דער חתונה פון דעם געוועזענעם קרוין פרינץ אַלֶכְּסַנְדֶר דער צווייטע. דעם שיר האט מען, מיט בעגלייטונג פון דער פאלקאווי מוזיק געזונגען אין ברעסטער שוהל, אונ דורך דעם זענען דיא ליידענדע געהאלפען געווארען. דער שיר מיט דיא אללע זאכען וואס געהערען דאצו, איז געשריעבען אין דעם ווערק „אֶשְׁכּוֹל הַסּוֹפֵר".

## 7.

דער בעריהמטער יודישער היסטאריקער ר' מרדכי יאסט ז"ל, שרייבט מיט גרויסער בעוואונדערונג, אין איינעם פון זיינע בריעפע צו לעווינזאהן, וועגען דיא רייכע לייטע אין רוסלאנד, וואס זייא פערלאססען אונ שטיטצען ניט אזעלכע מענשען וויא לעווינזאהן, דאס ער זאלל אין שטאנד זיין ארויס צוגעבען זיינע נוטצליכע ווערקע. ה' יאסט איז בערייט געוועהן מיט זיין גאנצען ווילּלען צו דרוקען לעווינזאנ'ס אספר „יְמִין צִדְקִי" אונ זאל עס אויך איבערזעטצען אין דער דייטשער שפראכע, נאר דורך פערשיעדענע הינדערניססע, איז זיין וואונש ניט ערפיהלט געווארען.

אויף דיא נייע קריטיקער איז לעווינזאָהן זייער בייז געוועהן, את איז געוועהן געקרענקט ווענן ער האָט געזעהן אז מען קריטיזירט איהם, ווענן עס איז טאַקי יאָ געוועהן פעהלער ערגיץ, איז ער אויך אין דעם ניט שולדיג געוועהן. אמענש וואָס איז שטענדיג קראַנק געוועהן, אונ האט געליטטען אגרויסען מאַנגעל אין ספרים, דווקא נאָר אין יודישע, אונ דיא הויפטאורזאַכע איז געוועהן, ווייל ער איז ווייט געוועהן פון דער דרוק, וואו זיינע ספרים זענען געדרוקט געווארען, דאַרום איז ער ניט אים שטאַנד געוועהן אויסצובעסערען דיא פעהלער. דער גרויסער געלעהרטער ה׳ גייגער האט שטארק פאַראיבעל געהאט אויף דיא נאַרישע מְבַקְרים, וועלכע האָבען בעריהרט דיא עהרע פון לעווינזאהן, וויא עס זעהט אוים פון אבריעף זיינעם צו דיא חַכְמֵי בראָדי, אז מען דאַרף אַזאַ מאנן וויא לעווינזאהן דן זיין תָּמִיד לְכַף זְכוּת, אונ מען דארף זיך מיט איהם ניט רעכנען וויא מיט אַנדערע מחברים פון זיין צייט, ווייל ער איז אימּמער קרענקליך, ווייט פון הילפע, פון געלעהרטע געזעלשאַפטען, אונ ליידעט מאנגעל אין אלטע אויך נייע ספרים. ער איז ווייט פון פריינדע, לעבט אין עלענד, אונ איז ענטפערנט פון אללע מענשליכע בעדירפניססע אום צו ערהאַלטען דעם קערפּער מיט דער זעעלע.

אים יאהר 1836 האט זיך לעווינזאהן מִשְׁתַּדֵל געווען בייא דער רעגירונג מיט אַביטטשריפט אז מען זאל יודען געבען פעלדער, אונ מען זאל זייא מאכען פיר זֶעמְלֶיעדֶלְצִים. דאַמאָלס האט ער געשיקט אַאויפרוף כמעט צו אללע יודישע געמיינדען אין רוסלאַנד, אז עס איז שוין צייט אז זייא זאללען אוועק־ווארפען זייערע האַנדלען אונ זאללען זיך נעמען צום אַקער אונ סערפּ, זייא זאללען זיך ערנעהרען ניט מיט לייכטע זאכען, זייא זאללען זיך בעססער בעשעפטיגען מיט עֲבוֹדַת־אֲדָמָה, זאללען שוין זאַט עססען ברויט. דיא פראָשעניע וואס לעווינזאהן האט דענצמאָל געשיקט גלייך צום קיסר ניקאָליי ז״ל, האבען אויך אונטער געשריעבען דיא גרעסטע פון אונזערע יודען. דיא ריהרענדע ווערטער לעווינזאָהנ׳ס זענען אריין אים הערצען פון דעם זעליגען קיסר אונ ער האט ערלויבט צו גרינדען קאָלאָניעס אין דרום־זייט פון רוסלאנד, דיא ערשטע יודישע קאָלאָניעס „בריטשעב״ אונ „מערקווילעשטי״ זענען געגרינדעט געוואָרען אין בעסאַראַביען אים יאהר 1838, אונ נאך אייניגע קאָלאָניעס 1839-1842, אים יאהר 1843 האבען זיך דיא „קאַראַסובאַזאַרער״ יודען געמאכט אַקאָלאָניע אין עופאַטאָריער אויעזד אונטער דעם נאָמען „ראָגאַטליקע״; ווענן עס איז געוועהן דיא קרימטער קריג, איז דיא לעצטע קאָלאָניע צערשטערט געווארען.

8.

ה׳ אַלאַבין ערצעהלט אין דעם זשורנאל „רוססקאַיאַ סטאַרינאַ״ (מאי 1879) פון לעווינזאהן זעהר פיעל אינטערעסאַנטעס:

אין דער צייט, ווען מיר זענען געקוממען אין קרעמעניץ—זאגט הערר אַלאַבין—נור אויף אבעשטיממטע צייט, האב איך מיך בעקאַנט געמאכט מיט אַגעוויסען ה׳ יצחק בער לעווינזאהן, וועלכער האט געוואוינט אונטער דער שטאָדט; דער ערשטער יוד, וועלכען איך האב בעגעגענט, האט מיר געוויזען זיין אָרים שטיבעל; אין פאָרהייזעל איז געוועהן פינסטער, איך האב געטאַפּט דיא וואָנד, ביז איך בין געקוממען צו אַטהיר פון אַאויבערשטיבעל, וואהין איך בין אויף צובראָכענע טרעפּ קוים אַרויפגעגאנגען; איך האב געעפענט דיא טהיר און בין אריין געגאנגען אין אַקליין ציממעריל, וועלכעס האט בעלייכטעט איין פענסטעריל, ביז אין דיא העלפט פערפרוירען; אויף דער פאָדלאָגע און אין אַללע ווינקלען פון חדר זענען געוועהן צו זייעט און צושפּרייט ספרים און פערשיעדענע ביכער אויף כאַלדעיש, אַראַביש און העברעיש, מאַנוסקריפּטען פערשיעדענע אויף העברעיש. אויך אייראָפּעאישע צייטונגען. דער אויווען האט פערנוממען ביז אַפערטיל צימער; דאָרט זענען געשטאַנען צווייא שטולען, אַטיש, אַלייכטער און שרייבגעצייג, אויף דעם פענסטער זענען געשטאַנען פלעשליך טינט און פלעשליך מיט רעצעפּטין; אויף אַשטול, וועלכער איז געשטאנען ביים טיש, איז געזעסען דער בעל הבית, איין אַלטער מאַן פון אַיאהר זעכציג; איאַרמילקע האט ער געטראָגען אויף דעם קאָפּ; דיא האָר וויים און לאַנג; דיא קאַפּאָטע זעהר אלט און צוריסען; אויף זיין פנים האט מען דערקענט, אז ניט פון פיעל יאהרען האט ער אזוי אלט אויסגעזעהען, נור פון עפּעס אַשטארקער קראנקהייט און שווערע יסורים; דיא הויט פון זיין פנים איז געוועהן געלב און האט אויסגעזעהען, וויא פּאַרמעט; זיינע באַקען זענען געוועהן אביסעל פאַרביג און זיינע שווארצע קלוגע אויגען האבען געפינקעלט מיט פייער; זיין אויסזעהען האט אויף מיר געמאכט זעהר איין אַנגענעהמען איינדרוק. איך האב צו איהם געזאגט, אזוי וויא איך האב געהערט פון איהם, אז ער איז אַגעלעהרטער מאַן, בין איך צו איהם געקוממען. ער האט מיך זעהר פיין אויפגענוממען, מיט אַסבר פנים יפות, און פון דעם טאג אָן בין איך בייא איהם געוועהן איין אָפטער גאַסט; האטשי עס איז געוועהן אגרויסער אונטערשיעד צווישען אונז אין דיא יאהרען, דען איך בין געוועהן נאך זעהר יונג, פון דעסט וועגען האבען מיר זיך זעהר גוט אונטערהאלטען, און איך האב מיט איהם פערבראכט גאנצע נאָכט. חאטשי ער האט מעהר אלס צוואַנציג יאהר פערבראכט ליגענדיג קראנק אין זיין ציממער, פון דעסטוועגען איז ער געוועהן תמיד מונטער און פריילין, זיינע געדאנקען זענען געוועהן אימטער פריש און דער שכל שטאַרק, זיינע אללע געדאנקען זענען נאָר געוועהן אריין געטהון אין אלטע ספרים, פון דעסטוועגען פלעגט ער זיך בעשטרעבען געוואָהר ווערען פון פערשיעדענע נייעס; זיינע ערצאָהלונגען זענען געוועהן זעהר אַנציהענד, זייא האבען צו זיך צוגעצויגען דאס הערץ מיט דער נְשָׁמָה״.

ה׳ אַלאַבין ענדיגט זיין ערצעהלונג מיט דיא ווערטער: „לעווינזאָהן האט זיך ערנעהרט, וויא אללע זיינע גלויבענס ברידער: אַטרוקען שטיקעל ברויט, אשטיקעל הערינג, אקנאָבעל מיט אציבעלע איז אויך געוועהן איין עסען,

און וואסער איז געוועזען אַטרונק. נאָר אֵיין לוקסוס, וואָס ער האָט זיך ערלויבט, איז געוועזען דאָס רויכערען: דיא לולקע ציבעק האט ער קיין מאָל ניט אַרויס גע־לאָזט פון דער האַנד.

9.

אין אַבוּיעקף צו איינעם פון זיינע בעקאַנטע, בּעקלאָגט זיך נעביך דער אונגליקליכער לעווינזאָהן אויף זיין זעהר שלעכטען צושטאַנד, בּיי זיין גרויסער קראַנקהייט, דאָס ער האָט אין גאַנצען פערלאָרען דאָס צוטרויען צו די מענשען פון זיין שטאָט קרעמעניץ, דאַריבּער האָט ער געמוזט צונויף נעמען אללע זיינע מאַנוסקריפּטען, נאָך מיט צוויי יאהר פאַר זיין טוידט אונ זייא אוועק שיקען צו זיין שוועסטערס זוהן אין אַדעססא, דען ער האט זעהר מוֹרא געהאַט, אז זיינע מאַנוסקריפטען, וואס ער האָט אויף זייא פערבראַכט זיין גאנץ לעבען, זאָלען חלילה ניט פערלאָרען געהן, מען זאל זייא ניט צו גנב'נען, צעררייסען, פאַר־בּרענען. ער ענדיגט זיין בּריעף מיט דיא וואָרטער: „אונ איך האב דאָך געהאָרעוועט טאָג אונ נאַכט, אונ האב קיין הנאָה ניט געהאַט פון קיין שום מענשליכען תַּעֲנוּג, איך בּין געזעסען סגור ומסוגר (פערמאַכט) אין מיין חדר, אֵת בּין נאָר געוועזען אַריין געטהון אין זייא (אין דיא ספרים). הלואַי זאָל גאָטט העלפען, עס זאלל זיך געפינען איין אויסלייזער אויף מיינע ספרים, אֵת ער זאָל פערטרעטען מיין שטעללע—זייא צו לאָזען דרוקען, זייא זאלען ערשיינען אויף דער ליכטיגער וועלט" ...

פון דעם בּריעף, וואס לעווינזאהן האט געשריבּען צו זיין אונפערגעסליכען, טהייערען פריינד ה' אַהרן רייך, פונ'ם ערשטען טאג חוהמ"ס תרי"ט, זעהט מען ארויס. אין וואס פאַר אַטרויעריגע לאַגע ער איז דאַמאָלס געווען: ער איז געלעגען אויף זיין קראַנקען בעט, וויא אַ שטיין, אונ האט זיך ניט געקענט ריהרען, דען חוץ זיין קראַנקהייט דיא בעשטענדיגע, האָט ער נאָך דאַמאָלס דער צו געהאַט אגרויס דערשרעקעניש, עס האט איהם אגרויסער אונגליק געטראָפען: גַזְלָנִים זענען איהם בעפאַלען בּייא נאכט; ער איז געוועזען וואַכענ־דיג, אַליכט האט געבּרענט, אונ דיא רויבער האבען געראַבּעוועט וואס זייא האבען נאָר געקענט · לעווינזאהן מיט דיא אֵייניגע מענשען, וועלכע זענען געוועזען בּייא איהם אין צימער, האָבען גאָר ניט געקענט טהון, אונ האָבען דאָס מויל אפילו נים געעפענט, דען עס איז אויף זייא אלע געפאַלען אשרעקליכער פַּחַד...—— צווייא שטונדען האט דער טוידט געשוועבט פאַר לעווינזאהן'ס אויגען; קיין געלד האבען דיא רויבער ניט געפונען, נאָר אַשקאַטולקע מיט זעהר וויכטיגע פּאַפּירען-וואס צווישען זייא האט זיך געפונען אַאֵייגענהאֶנדיגער בּריעף פון קיסר ניקאָלאַי—האבען דיא רוצְחִים צוגענומען אונ זענען פער־שוואונדען געווארען, דיא רוצחים זענען געוועזען פערמאַסקירט; מען דענקט, אז דאָס זענען געוועזען טאַקי שטאָדט לייט, אונ זייער ווילען איז געוועזען צו דער

טאַפּען דיא מאַנוסקריפּטען, וועלכע לעווינזאהן האט נאך מיט איאהר צוריק אוועק געשיקט אין אָדעססא. דער איבערפאַל פון דיא גזלנים האט געראַט זעהר אגרויסען איינדרוק אויף לעווינזאהן׳ס געזונד, אונ דאס האט איהם פשוט מְקַצֵר יָמִים געוועזען; ווען ניט דאס, וואָלט ער אפשר נאָך געלעבט אַהיבשע צייט. אין איאהר ארום נאָך דער מעשׂה איז ער געשטאָרבען.

כ״ט כסלו שנת תר״ך (13 דעצעמבר 1859) האט ער גערופען זיינע גוטע בעקאַנטע אין קרעמניץ, אונ האט פאר זייערע אויגען אָנגעשריבען דיא צוואָה: „ווייל איך בין נאָך בייא מיין לויטערען פערשטאנד אונ בין נאָך בכח צו ריכטען מיינע ריינע געדאנקען אויף יעדער זאך, אזוי וויא איך בין יעצט אלט 71 יאהר, ליעג אויף דעם קראַנקען בעטט, אונ טראכט טאָמער איז שוין געקוממען דיא צייט צו שטארבען, איבער דעם, כל זמן מיין שׂכל איז נאָך גאנץ ריין, אונ קען נאך אורטהיילען יעדער זאך גאנץ ריכטיג, לאָז איך צואָה, וואס מען זאלל טהוען נאך מיין טויט. מיינע פריינדע ר׳ אלכסנדר בערנשטיין וש״ב ר׳ מענדיל לאַנדעסבערג, זאללען ערפיללען מיינע ווערטער וואס איך שרייב דאָ:

א) איך האָב ניט זוכה געוועהן איבערצולאָזען קינדער נאָך מיר, איין שוועסטער האב איך וועלכע איז יעצט אַלט אַכטציג יאָהר, זיא האט אזוהן אין אָדעסאַ, וועלכען איך האב בייא מיר ערצויגען. ער הייסט יַעֲקב יִשְׂרָאֵל.

ב) מיין פערמעגען בעטרעפט 1100 רו״כ, מזומן געלט געפינט זיך בייא מיר זעהר ווייניג, וואס דער פון וועל איך נעמען דער זייל בייא מיין לעבען, דאָס וואָס וועט בלייבען, וועט זיין אויף הוצאות לְצָרְכֵי קְבוּרָתִי.

ג) ספרים לאָז איך איבער על סך 770 רו״כ.

ד) מיין שוועסטער פייגא זאלל מיך ירשינען, אונ אזוי וויא זיא האט ניט מעהר נור איין זוהן, וואס ער האַלט זיא אוים בייא זיך שוין עטליכע יאהר, דאַרף מען איהם איבערגעבען אללעם וואס עס וועט בלייבען נאך מיר.

ה) פון מיין ביסעל געלט וואס עס בלייבט נאָך מיר, זאָלל מען טהיילען אָרימע לייט, אונ מען זאלל מאכען מִנְיָן בייא מיר אין מיין שטוב זיעבען טאָג. אין שוהל זאלל איאָהר כסדר ברעננען אֵנֵר תָּמִיד. 8 רו״כ זאל מען געבען על תיקון בית עולם. דער קאָבין זאלל מען בעצאָהלען שׂכירות 30 רו״כ אונ אויף איין וועקסעל וואס זיא האָט—80 רו״כ. אויף הִצְטַרְכוּת בית החולים ליהודים בקרעמע־ניץ 50 רו״כ. בעטגעוואַנד, אללע הילצערנע, מעשענע כלים וְכַדוֹמֶה, זאלל מען געבען דער יודענע וואס האט מיך בעדיענט עטליכע יאהר.

ו) מיין יורש זאל זיך סטאַרען צו דרוקען מיינע חבורים, אויך דיא דאָזיגע וועלכע ליעגען נאך אין מאַנוסקריפּטען.

יצחק בער בן יהודה לעווינזאהן

10.

פיר אונ צוואַנציג טאָג אין שבט שנת תר״ך 1860, איז רבנו יצחק בער

לעווינזאָהן געשטאָרבען אין קרעמעניץ; ער איז אלט געווען 71 יאָהר, און איז געקומען צו קבורה מיט גרוים כבוד, קליין אונ גרויס זענען געגאנגען צו זיין לְוָיָה, דיא קלייטען זענען אלע געווען צו געמאכט, זיינע ספרים דיא געדרוקטע האט מען געטראָגען פאר זיין מטה, אונ זיין קרוב, ר׳ מענדעל לאַנדעסבערג, האָט איהם מַסְפִּיד געווען. בְּוַדַּאי האט מען נאָך דעם טוידט ערשט בעסער דער־קענט זיין גרויסען גייסט, אונ וואס פאר אַחכם מְחוּכָּם ער איז געווען, זיין גוטער קיום, זיין ערנסט, זיין ליעבשאַפט צו זיין רעליגיאָן אונ צו זיין נאַציאָן, זיינע גרויסע געלעהרזאַמקייט, אונ וויא ניטצליך ער אונ זיינע ספרים זענען געווען פאר יודען.

ר׳ יצחק בער לעווינזאָהן האט קיין קינדער ניט געלאָזט, נאָר זיינע ספרים זענען זיינע בעסטע קינדער; זייא וועללען אין אללע צייטען בעריהמט מאכען אונ פערעווינגען זיין אַנדענקען, אונ וואס שפעטער, וועט מען ערשט מעהר דערקענען זיין גרויסע געלעהרזאַמקייט אונ גייסט.

דער גראַף טאָלסטאָי (גיוועזענער מיניסטער וונטערעניך דיעל), ווען ער איז נאָך געווען אַיונגער מאַן, איז דורך געפאָהרען אמאָהל דורך קרעמעניץ, אונ האט זיך אָבגעשטעלט בייא ר׳ יצחק בער׳ן, דער גראַף איז אויסער זיך געווען פון איהם אונ האט איהם דאַמאָלס מיט אבליישטיפט זיין בילד אראפ־גענומען. לויט מיר געפינען אין אבריעף פון ה׳ ד״ר ראובן קולישער, וואס ער האט געשריבען צו לעווינזאהן, זעהען מיר ארויס, אז דער גראַף האט דאס בילד געשענקט דער גראָספירשטין מאַריא ניקאָלאַייעווני; אין איהר בילדערגאַלעריע האט עס געזעהען דער ד״ר קולישער אונ האט דאס געשריבען צו לעווינזאהן איהם אביסעל פערגנינגען צו מאכען. אים יאהר 1875, ווען איך האב אנגעהויבען לעווינזאהן׳ס ווערקע ארויס צו געבען אין ווארשאַ, אונ האב שוין געזאלט ענדיגען דיא ביאָגראַפיע זיינע אונטער דעם נאָמען „ספר הזכרונות״, האב איך זעהר גרוים חשק געהאט דאס בילד צו צוגעבען צו זיין ביאָגראַפיע, האב איך געשריבען דאמאָלס צו ה׳ אַלכסנדר צעדערבוים אונ צו ה׳ יהודה־ליב גאָרדאָן, זייא זאללען זיך זעהן סטארען אין פעטערסבורג אראפנעהמען אקאָפיע פון דעם בילד, אבער ליידער האבען זייא ביידע מיר געענטפערט, אז זייא האבען זעהר פיעל חוקר ודורש געווען אין דער בילדערגאלעריע פון דער גראָספירשטין אונ האבען עס ניט געפונען. דעם גראף טאָלסטאָי, בשעת ער איז געוועזען מיניסטער דער פאָלקסאויפקלאָרונג, האט מען געבעטען וועגען דאס בילד אין דער צייט, ווען ער איז געווען אין אדעסא, האט ער געענטפערט, אז דאס בילד געפינט זיך בייא איהם אין זיין גוט (אימעניע) צווישען זיינע פאפירען, פון דער צייט אָן האט מען גאר ניט געהערט אונ ניט געזעהען וועגען דעם.

ביז אהער האבען מיר געזעהען וויא לעווינזאהן האט זיינע בעסטע יאהרען בענוצט נאר לְטוֹבַת כְּלַל יִשְׂרָאֵל. ליידער האבען איהם אונזערע יודען ניט פערשטאנען, אונ זענען געווען געגען איהם זייער אונדאַנקבאַר. דיא גרויסע ארבייט זיינע איז בייא זייא ניט אָנגעלעגט געווען, אונ ער פלעגט זיך זייער קוואָלען,

ביז ער האט מיט שווערער מיה דערזעהן אגעדרוקט ספר, פון זיינע וויכטיגע ספרים, ער האט קיין שום שטיצע פון קיינעם ניט געהאט, אונ האט אויך אין דער צוקונפט זייער ווענינ ערוואַרטעט. פון דעסטוועגען איז ער בייא זיך ניט אראפגעפאללען, אונ האט זיך בייא דער ענדע פון זיין לעבען געווענדעט צו דער רעגירונג זיא זאלל איהם אונטערשטיצען. דער וואָלינער גובערנאַטאָר האט אויך געשריעבען צו דער רעגירונג וועגען דעם נוטצליכען צוועק אונ מאָראַלישען חאראקטער וואס זיינע ספרים ענטהאלטען. דיא רעגירונג האט איהר'ס געטהון, אונ דורך איהר שטיצע זענען אָפגעדרוקט געוואָרען דיא צווייא וויכטיגע ספרים זיינע: „תעודה בישראל" מיט דעם „בית יהודה". דער „אפס דמים" איז צווייא יאָהר נאך זיין טוידט נאך אמאהל איבערגעדרוקט געווארען אין אָדעסאָ. אונ דער „שרשי לבנון" איז נאר איין מאהל גערדוקט געווארען בייא דעם מחבר'ס לעבען בשנת תר"א, ער ווערט אצונד זייער געפאָדערט, ער איז במעט ניט צו בעקוממען. פון זיין גרויס כפר „זרבבל" זענען נאך זיין טויט גערדוקט געווארען אין אָדעסאָ אים יאהר תרכ"ג נאר צווייא העפטע. דער „זרבבל" איז אפאָרטהויצונג פון דעם „בית יהודה" אבער פיעל טיעפער אונ וויכטיגער. אין דעם זרבבל קוממען אויך פאָר זייער פיעל תשובות אויף פערשיעדענע שאלות אין דער יודישער רעליגיאָן, וואס דיא רעגירונג האט זייא פאָרגעלעגט לעווינזאהנען. דיא שאלות ווערען געבראכט אין בית יהודה. דער זרבבל איז געשריבען מיט גרויס בקיאות אונ פיעל פערשטאנד, דער ספר איז זייער נוטצליך פאר יעדען יודען, ער וועט זיך אלליין פערענטפערן פיעל קשיות, וואס ער האט פריער גאָר ניט אנגעהויבען צו פערשטעהן. פון דעם ספר קענן ער זיך אויסלערנען דענקען וויא אזוי מען דאַרף אורטהיילען איבער יודען אונ יודענטהום, אונ וועט וויססען מַה שֶׁתָּשִׁיב וכו', ווענן עס וועט דעם יודען אויסקומען צו רעדען מיט אַקריסט, אונ ער וועט איהם (דעם יודען) עפעס פרעגען, וועט ער שוין וויססען וואס צו ענטפערען. עס וואללט אגרויסער יושר געווען, אז מען זאלל דאס נוטצליכע ווערק איבערזעטצען אין דער רוססישער שפראכע, ווייל דיא געבילדעטע יודען פערשטעהן דאך גאר קיין העברעאיש ניט.

## 11.

אין דער צייט ווען דער גרויסער שׂוֹנֵא־יִשְׂרָאֵל, דער מחבר פון דעם „נְתִיבוֹת עולם" האט ארויסגעטרעטען מיט דעם ספר געגען יודענטהום אונ תלמוד, אונ האט דעם ספר גערדוקט אין לאָנדאָן, איז ער אין אקורצער צייט איבערזעטצט געווארען אין פיעל שפראַכען. דער גרויסער יודישער פאַטריאָט הצדיק ר' משה מאָנטיפיורי זצ"ל האט באלד בעמערקט דעם ריִשם וואס דער ספר האט אן געמאכט, האט ער באלד דורך דעם ד"ר לעווי, געשריבען צו לעווינזאָהן, אונ האט איהם געפרעגט אויב ער איז אין שטאנד פהיזיש אונ מאָראַליש, צו שרייבען. אגעגען דעם ווערק. טאַקע באלד האט ער זיך גענומען דער צו, אונ האט געשריבען

דעם זרבבל, אין זעקס העפטען, אונ 53 טַעֲנוֹת וּמַעֲנוֹת, (אקורצען אינהאַלט פון דעם ווערק קען דער לעזער זעהען אין ספר הזכרונות זייטע 100 אונד 101).
וועגען דעם ספר האט לעווינזאהן געשריבען צו איינעם פון זיינע בעסטע פריינד ה׳ אהרן רייך ז״ל, דאָס דורך דעם זרבבל האט ער פיעל כבוד געהאט פון דיא גרעסטע ליטווישע רבנים, איבערהויפט פון הרב החכם ר׳ דוד לוריאָ (ביכוער), זייא האָבען דאָס מאַנוסקריפט געזעהען, אונ האבען איהם צו געזאגט אז זייא וועללען עס דרוקען, אונ מען וועט עס אויך איבערזעטצען אויף רוסיש, וויא דיא זאך איז בעקאַנט הערין מאַנדעלשטאַמם אונד קולישער. לעווינזאָהן שרייבט דעם זעלבען ה׳ רייך, אז ער האט אויף דעם ספר געארבייט טאָג אונ נאכט, מעהר אלס צוועלף יאָהר, ער האט אללע זיינע קרעפטע פערלאָרען, עס האָט איהם געשאַט צו דער פרנסה, ער האט כמעט פערלאָרען אללע זיינע חושים, אונ איז דורך דעם ניט געוועזען ווייט פון דעם טויט. (ווער עס וויל וויססען אויספיהרליכעס וועגען דעם ווערק, זאָל ער לעזען אין ספר הזכרונות פון זייטע 100 ביז 108). דער זרבבל איז געדרוקט געוואָרען אין ווארשא, אין פיר חלקים אונ אין זעקס העפטען אים יאָהר תרל״ו, דורך המו״ל כל ספרי ריב״ל ב. נאַטאַנזאָהן, אונ פון דער צייט אָן ביז יעצט איז ער שוין פיר מאָהל איבער געדרוקט געוואָרען, דען ער ווערט זעהר פיעל גע־פאָרדערט, אונ בייא זעהר אַקליינעם פערדיענסט ווערט ער זעהר בילליג פער־קויפט.

אויף אַזוי איין אַרט וויא דער זרבבל, נור קלענער אין אַדיאַלאָגישען פאָרם, וויא דער „אפס דמים" האט לעווינזאהן געשריבען אספר אונטער דעם נאָמען: „אחיה שילני החוזה". דאָס ספר איז געדרוקט געוואָרען אין לייפּציג אים יאָהר תרכ״ג, געלד צום דרוקען האָט געגעבען הגביר הנכבד ר׳ שמחה ליפּ־שיץ ז״ל, זיין זאהן לעאָן האט אויך דער צו מיטגעהאָלפען, אַרויס געגעבען דאס ווערק האט אין לייפּציג אַגעוויסער יודישער געלעהרטער הגביר החכם ר׳ אברהם טראַכטענבערג. שפעטער מיט איינינע יאָהר איז דאָס ווערק ערלויבט געוואָרען דורך ווארשויער צענזור, מען זאלל עס מעגען אריין נעמען נאך רוסלאַנד. דאָס ספר איז מעהר ניט געדרוקט געוואָרען ביז יעצט, אונ עס ווירד זעהר געפאָרדערט, דען דאס איז איינס פון זיינע בעסטע ווערקע.

אים יאָהר תרכ״ב האָט ה׳ קלמן הויזנער ז״ל געשריעבען דיא ביאָגראַפיא לעווינזאהנ׳ס אויף רוסיש, אין דער בעקאַנטער וואָכענטליכער צייטונג „ציון" וועלכע איז ארויס געגאַנגען אין אַדעסא, דורך הד״ר החכמים ה׳ פינסקער אונ סאַליוווייטשיק. נאך דעם איז דיא קורצע ביאָגראַפיא, אָפּ געדרוקט געווארען אין בעזאָנדערע בראָשורקעס, אונ נאַכדעם איז דאס אויך איבערזעטצט געווארען אין „המגיד" דורך ה׳ ישפ״ה.

אים יאָהר תרכ״ג איז אין אָדעססאַ געדרוקט געווארען אקליין ווערק פון לעווינזאהן, וועגען דיא קאַראַימעס, אונטער דעם נאָמען „תער הסופר". דער תער הסופר איז אין דעם זעלבען יאהר איבערגעזעטצט געוואָרען אויף רוסיש

דורך ה' בערעזקין אין אדעססא, אונ יעצט זענען דיא ביידע העפטען „תער הסופר" צוזאממען געדרוקט אין דעם ספר בִּקּוּרֵי ריב"ל.

אים יאהר תרכ"ד איז אפגעדרוקט געווארען אין אדעססא אקליין ספרל פון לעווינזאהן, מיט דעם נאמען „אור לי"ד", דאס הייסט 14 לעגענדען פון דער גמרא, ווערען דארט פערענטפערט. ווענען דיעזע לעגענדען האט אגעוויססער קריסטליכער געלעהרטער זייער פיינדליכעס געשריבען. אין דעם ספרל, בעווייזט לעווינזאהן, וויא אונזערע חכמים האבען זייערע ווירדיגע ווערטער איינגעהילט אין אללינאָרישע (פערשטעלטע) מְשָׁלִים, אונ אזעלכע זאכען געפינען מיר זייער פיעל בייא דיא גריכישע אונ רומישע שריפטשטעללער.

אזוי איז אוועק גענאנגען פיעל יאהרען, אונ לעווינזאהנס וויכטיגע שריפטען, וואס ער האט איבערגעלאזט זענען ניט געדרוקט געווארען. אונזערע געלעהרטע יודישע שריפטשטעללער וואס פלעגען דעם קראנקען לעווינזאהנען ביים לעבען בעלאסטען מיט זייערע שַׁאֲלוֹת, מליצות שירים אונד דערגלייכען, פון זייער טובה ווענען, זענען נאך זיין טויט אנשווינגען געווארען, זייא האבען קיינער אווארט ניט גערעט, ווענען זיינע מאנוסקריפטען, דעם עולם צו דערוועקען, דאמיט חאטשי געבען אַנַחַת רוח דעם געשטארבענען לעווינזאהנען, זיין נְשָׁמָה זאל וועניגסטענס פערגנינען האבען, וועלכע שוועבט יעצט אין דער גייסטיגער וועלט, ליידער האבען זייא גאר ניט נעטהון ווענען דעם, אונ האבען זייער רַבִּין גאנצליך פערגעססען, דעם רבין זייערען, וואס האט זייא אויפגעעפענט דיא אויגען צו זעהן אנייע וועלט אין דער תלמודישער ליטעראטור, אונ האט זייא געוויזען דעם וועג פון בילדונג, חָכְמָה אונ דֶרֶךְ אֶרֶץ. דארום איז אונז יעצט זייער אנגענעהם צו דערמאנען, דיא עטליכע, וועלכע האבען וועניגסטענס עטוואס ווענען איהם געשריבען. דער ערשטער איז געוועזען אונזער בעריהמטער שרייבער אונ דיכטער לעווינזאהנ'ס אתַּלְמִיד, הֶחָכָם הַמֵּלִיץ ה' גאטלאבער. ער האט געשריבען אין „המגיד" אקורצען אבער אריהרענדען נעקראלאג אויף לעווינזאהנען, אונ אויך אגרויסארטיגען שיר אונטער דעם נאמען „קִנִים וָהֶגֶה וָהִי", דאס אללעס קאנן דער לעזער זעהן אין ספר הזכרונות, זייטע 132-134. דער בעריהמטער רעדאקטאר פון דעם ערשטען יודישען ארגאן, אין דער רוסישער שפראכע (Разсвѣтъ) הֶחָכָם הַמְפוֹאָר יוסף ראבינאוויץ, האט זייער הייסע ווערטער געשריבען ווענען לעווינזאהן, אין זיין ראסוויעט 1860 נומר 19. וויר קעננען זיך ניט ענטהאלטען, היער איינינע ווערטער אין איבערזעטצונג צוגעבען פאר אונזערע לעזער: „דעם דריטען פעברואל פון דעם יאהר, איז געשטארבען אונזער לעווינזאהן, דער רעפארמאטאר פון דיא רוסיש-פולישע יודען, וואס זיינע ספרים זענען בעקאנט אין אונזער פאטערלאנד, אונ גאנץ איירָאפא, וועלבער האט רייך געמאכט מיט זיינע ווערקע אונזערע ליטעראטור, אונ האט מיט מסירות נֶפֶש געארבייט, פיר דעם גליק אונ וואהלזיין פון זיין פאלק".

„נור האבען איהם דען געוואוסט זיינע גלויבענסברידער בייא דעם לעבען צו שעטצען? ווען דיא רעגירונג זאלל איהם ניט געווען אין דיא לעצטע צייטען

שטימצען, וואלט ער אפילו קיין טרוקען שטיקעל ברויט ניט געהאט. וויא דער גרעסטער אָרימאַן איז ער געוועזען נויט בעדערפטיג אין דעם מינדעסטען, אונ קיינעם איז דאס גאר ניט אָנגעגאַנגען. וויא אונדאַנקבאַר איז דאס! בעהאַנדלען אויך אזוי אונזערע גלויבענסברידער זייערע געלעהרטע אים אויסלאנד? נור איהר קענט זיך אָפּשר דענקען אז לעווינזאהן פלעגט זיך בעקלאַגען אויף זיין שלעכטען שטאנד? ניין! אין זיינע בריפפע צו זיינע בעקאַנטע אין אָדעססאַ, האט ער זיך נור בעקלאַגט, אז איהם פעהלען ספרים, אונ ער זאלט געוואָלט בייא זיין לעבען ארויס געבען איינינגע פון זיינע שריפטען. מיט איין זאך קענען מיר נור פערריכטען אונזער פעהלער, וואס מיר האבען געגען דעם גרויסען מענשען אזוי שלעכט געהאנדעלט בייא זיין לעבען, דאס בעשטעהט אין דעם: אז מיר זאלען זעהען זיך סטאַרען ארויס צו געבען אללע זיינע מאַנוסקריפטען".

## 12.

אין דער וואָכענטליכער צייטונג „הכרמל" וואס איז ארויסגעגעבען געוואָרען דורך הרב החכם רש"י פין ז"ל, אין ווילנא—געפינען מיר אויך איינינגע ווארטען, וועלכע זענען ווערט איבערגעזעטצט צו ווערען אין אונזער ביאָגראַפיא, דען זייא ווייזען אונז אויך אויף לעווינזאהנ'ס ווירקונג אין זיינע ספרים, זייער ווערטה אין יענער צייט, אונ ווארפען אַבליק אויף דעם געדאַנק וועלכער שוועבט אויף זיינע ספרים. ווענען דעם נוטצען פון דער בילדונג אונד איהר נאָטהיגקייט, געגרינדעט אויף פאַקטען וועלכע זענען בעפעסטיגט מיט דעם גייסט פון אונזער אמונה, תּוֹרָה, נְבִיאִים, חֲכָמִים אונ סוֹפְרִים.

דער צוועק פון דעם שרייבער אין דער צייטונג איז ווענען דעם, אויפמערקזאַם צו מאַכען אונזערע חֲכָמִים וְסוֹפְרִים, וועלכע דענקען צו פערברייטען וויססענשאַפט אונטער דעם פאָלק, אז זייערע ווערטער ווערלען נור דאַמאַלס פריכטע ברענגען, ווען זייא ווערלען געהען אין לעווינזאָהנ'ס וועג, זייא זאלען אין זייערע ווערקע אריין געבען איין גייסט פון לעבען, כּבדי דאס פאלק זאלל בעקוממען אַנעפיהל, זייא זאָללען אַלליין זוכען דיא בילדונג, מיט דיא אללע מיטלען וועלכע געהערען דער צו. אונ ווען דיא חֶבְרָה מְפִיצֵי הַשְׂכָּלָה אין פעטערבורג, וויל בֶּאֱמֶת בעפעסטיגען דעם נאָמען וועלכען זיא טראָגט, איז קיין בעססער מיטטעל ניט דאָ פון דעם, נור זעהען צו פערברייטען לעווינזאהנ'ס ווערקע אונטער דעם פאלק, אין דיא בָּתֵּי מִדְרָשִׁים אונ יְשִׁיבוֹת. דאס פאָלק דאַרף האבען ברויט, אונ לעווינזאהנ'ס ווערקע זענען ברויט וואס דאס פאָלק דאַרף דאס האבען. דארום דאַרף דיא חברה זעהען ארויס צוגעבען אללע זיינע ווערקע וועלכע זענען געוועזען געדרוקט, אונ וועלכע ניט, אונ מען זאל זייא צוטהיילען אין דיא ישיבות אונ בתי מדרשים גאנץ אומזאָנסט, אונ אויך פיר אַנדערע זאָללען זייא פערקויפט ווערען גאנץ ביללינ, אונ נור דורך דעם וועט דיא חברה פערברייטען אֱמֶת'ע בילדונג צווישען דיא יודען אין רוסלאַנד. מיט דעם

איינציגען וואלט דיא חֶבְרָה געשטעלט אַעו יגע מַצֵּבָה דעם גרויסען געלעהרטען.
הרב החכם רש"י פין ז"ל, האט וועגען דעם אין זיין צייטונג פיעל געשריבען, זיינע לעצטע ווערטער זענען געווען דיא דאָזיגע: „אז מען וויל יאָ מאכען אַעווינם מאָנומענט לעווינזאהנען, פאר זיין גוטס וואס ער האט פיר יודען אין רוסלאַנד געטהון, זייא צו בילדען מיט חכמה אונ וויסענשאַפט, — איז נאָך אונזער מיינונג ניטאָ קיין בעסערס וויא מען זאל דרוקען זיינע זאַמטליכע ווערקע, וואס ער האט איבערגעלאָזט אין מאַנוסקריפט. אונ פון דעם וועט ארויס קומען אגרויסע טובה, פיר אונזערע ברידער בִּכְלַל, אונ זיינע ספרים וועללען זיין נאָמען דערמאַנען לִתְהִלָּה וּלְתִפְאֶרֶת פיר אונזערע קינפטיגע דורות, פיעל מעהר אלס מאָנומענטען פון גראנאט".

## 13.

ה' גאָטטלאָבער אין זיין אַרטיקעל „לִצְדָקָה וְהִנֵּה צְעָקָה" וואס עס איז געדרוקט געווען אין „המליץ" שנה ט' נומער 34, ווען ער דערמאנט דיא ערשטע אונזערע ראַטניקעס, וועלכע זענען בעוואַפּענט אַרויס פאר אונזערע ברידער, צו באַהנען אַוועג צו דער בילדונג, דערמאנט ער לעווינזאהנען מיט דיא ווערטער: „אַלוּפֵי וּמְיוּדָעֵי הַמָּנוּחַ הר"ר יצחק בער לעווינזאהן זצ"ל, איז געווען דער מענש וואס ער האט אללע פערגעניגען פון דער וועלט געבראכט פאר אַקרבּן אויף דעם מִזְבֵּחַ צו דער ליעבע פון זיין פאָלק אונ פאַטערלאַנד. צו דעם מענש איז ניטאָ קיין גלייכען אונטער אונזער יודישע געלעהרטע, וועלכע לעבען נאָך אצונד, אין פיעל מדות טובות וועלכע זענען נעהטהיג צום בעשטאנד פון דער חָכְמָה, בעזאָנדערס דיא מדה פון הִסְתַּפְּקוּת, דאַס הייסט: זיין צו פריעדען מיט דעם וואס עס איז דאָ, וויא אונזערע חכמים זאגען: „אֵיזֶהוּ עָשִׁיר? הַשָּׂמֵחַ בְּחֶלְקוֹ!". דאס ערשטע מאל האב איך איהם געזעהן אים יאָהר תקצ"ג, איך בין דענצמאָל אַלט געווען 19 יאָהר. „ת ע ו ד ה ב י ש ר א ל" האב איך שוין געזעהן. אז איך בין דאס ערשטע מאָהל אריין געקומען צו איהם אין זיין שטיבעל, בין איך איבערראַשט געווארען. וויא אָרעם דער מענש האט געלעבט! דאס מעבעל איז בעשטאנען פון אַ אַלטען צו בראָכענעם טיש, וואס איז געשטאנען לעבען דעם אֵיינציגען פענסטער. פון איין זייט איז געשטאנען אַוויים הילצערען בענקעל, פון דער צווייטער זייט אבעטעל, אויף וועלכען עס איז געלעגען דער גרויסער געלעהרטער ר' יצחק בער, וואס פון זיין צייט צעהלט מען אנייע עפּאָכע אין דער יודישער ליטעראַטור אין רוסלאנד! וויא שטארק דער מענש איז געווען מיט זיין ריזען-גייסט, אזוי איז ער געווען שוואַך, קראָנקליך אונ פול מיט ווייטיגען אין זיין קערפּער! פון דער צייט בין איך צו איהם זעהר שטארק צו גע־בונדען געווארען.

אים יאָהר תקצ"ד—דערצעהלט ה' גאָטטלאָבער אויף אנאנדערע שטעללע-(סה"ז) בין איך שטענדיג געווען אַקרעמניצער איינוואהנער, אללע טאָג פאר נאכט

פלעג איך אוועק געהען צו לעווינזאהן, אונ בין שוין דארט געזעסען ביז האלבע נאכט. איך געדענק אַמאָל אין אווינטער נאכט זענען מיר געזעסען אין דער אונ־טער־שטוב, (זיין דירה איז בעשטאנען פון אַאויבער־שטיבעל אונ אַאונטער־שטוב); וויא מיר האבען גערעדט, האט זיך דיא טהיר געעפענט אונ עס איז אריין געקוממען אהויך געוואקסענער מענש מיט ברייטע פלייצעס אונ האט געפרעגט, אויב עס איז דאָ בראַנפין? פון זיין היטעל אונ דיא פאַלעטין, וועלכע האבען ארויס געשטעקט פון אונטער דעם שינעל, האט מען ערקאנט, אז ער איז איינער פון דיא גרויסע קריגס־לייטע. מיט אַקלָלָה אויף רוסיש... אונ מיט אביייזער האָט ער נאך אמאל געזאגט, מען זאל געבען בראַנפין! לענווינזאהן האט זיך ניט געריהרט פון זיין אָרט, האט איהם נור געפרעגט: „וואס שרייעסט דוא אזוי, מיין העררּ? בראַנפין פערקויפען מיר ניט, דען דאָ איז ניט קיין קאַבאַק“! —

דער קְריגס־מאן איז נאך מעהר אין כעס געווארען, האט נאך אמאל גע־שאָלטען מיט דער זעלבע קללה—אונ האט לעווינזאהן'ען דאצו נאך מְכַבֵד געווען מיט דעם נאָמען: „אלטער שֵׁד!“ ער האט אזעץ געגעבען אין טיש מיט אגעשרייא: „גיב בראַנפין! אונ אויב ניט“...—אונ האט בעוויזען דעם קולאַק—„דאַכט זיך, דוא זעהסט, ווער עס שטעהט פאר דיר, דוא אלטער טשאָרט! פאר וואס שטעהסט דוא ניט אויף פאר מיר? נעהם אראָפּ דיא היטעל!“ לעווינזאהן האט זיך ניט גע־ריהרט אונ האט געזאגט: „מערקווירדיג! אמענש איז געקוממען צו מיר צו גאסט אונ האט ניט אראָפּ גענוממען דיא היטעל, וויא דער דרך אֶרץ איז, פערקעהרט, ער הייסט נאך מיר אראָפּ־נעמען דיא היטעל. אַחידוש, חלעבין!“ אונ דער וויל האט לעווינזאהן געהייסען דערלאַנגען אשקאַטולקע, פון דארט האט ער ארויס גענוממען אבריעף; איז אויפגעשטאנען פון זיין געלעגער, האט אראפ־גענומען דיא היטעל אונ האט געוויזען דעם קריגסמאן דיא אַדרעססא:

Ученому Господину И. Б. Левинзону.

אז יענער האט דאס דערזעהען, איז איהם אביסעל דער כעס געשטילט גע־ווארען. דער שינעל האָט זיך איהם אראפ גערוקט פון אקסעל, דיא היטעל האט ער אראפגענוממען אונ איז אביסעל פערשאָמט געווארען, לעווינזאהן האט דער וויל אויפגעמאכט דעם בריף אונ האט איהם נור געוויזען דיא אונטערשריפט „Николай“ *)

---

*) דיא שקאַטולקע מיט דעם בריעף, אונ נאך זעהר וויכטיגע דאָקומענטען האבען גַנָבים ורוֹצְחִים בייא איהם, איאָהר פאר זיין שטערבען צו גענוממען, אונ האבען איהם געוואלט הרגנען, וויא עס איז דער פון געשריבען טאַקע דאָ, אויף אנאנדער אָרט.

לעווינזאהן דערמאַנט דעם בריעף אין „בית יהודה“ (פרק קמ"ו זייטע קנ"ה) דאָרט ווערט אויך גערעדט וועגען זיין בעטען בייא דער רעגירונג, אז זיא זאלל געבען אונזערע יודען אומזונסטע פעלדער, זייא זאללען בעאַרבייטען דיא ערד, אונ זאללען גרינדען קאָלאָניען. פיעל פאַמיליען האבען זיך בעזעצט אין חערסאָ־

וויא דער קרינס־מאן האט דאס נאר דערזעהען, איז ער באלד געפאלען אויף דיא קניע, האט לעווינזאהנ׳ען געקושט אין דיא האנד אונ האט איהם געבעטען, ער זאל איהם מוחל זיין. לעווינזאָהן האט איהם געבעטען זיטצען אונ האט איהם געלאָסען געפרעגט, ווער ער איז אונ וואס בעדייט עס, וואס ער איז אין דעם קליינעם שטיבעל אריינגעפאַלען מיט אַזאַ גרויסען רעש אונ האט איבערגעשראָקען שטילע רוהיגע מענשען? יענער אבער האט דאַרויף נאָר נים געענטפערט, נאר געבעטען, מען זאל איהם מוחל זיין. „איך שאָמע מיך זעהר—האט ער גיזאגט— איך קען נים זאָגען ווער איך בין; איך האב מיך בענאַרעשט אונ האב מחלל געווען מיין כבוד, פערציייהע, מיין הערר! איך מוז געהן, איך קען דיר גלייך אין דיא אויגען נים קוקען". נאָך פיעל פערביינונגען האט ער פערלאָזען דאס צימער אונ איז אוועק געגאנגען. אויף דעם צווייטען טאָג זענען מיר געוואָהר געוואָרען, ווער דער „הערר" איז געווען..... דעם אינהאַלט פון דעם בריעף האט מיר לעווינזאהן נים געוויזען, אונ ווען נים דיעזער צופאַל וואָלט איך דיא חַתִימָה איך נים געזעהן, דען לעווינזאהן האט פיינד געהאט זיך צו בעריהמען אונ צו זוכען כבוד".

## 14.

אויף זיין מַצֵבָה האט לעווינזאהן געהייסען אויסשלאגען פאָלגענדע וואָרטער אויף לשון קודש:

אמר לה׳ מחסי ומצודתי אלהי אבטח בו!

מאפס יה העירני לנפש חיה.<br>
הה! חלדי עף כמו לא היה,<br>
ואישן שנית בחיק הורתי<br>
תחת גל זה עדה מצבתי:<br>
עם אויבי ה׳ נלחמתי שערים,<br>
לא בנשק ברזל, אך באמרים,<br>
תומת ישֻׁרון גליתי לעמים<br>
עדי „זרבבל" שהדי „אפסדמים"!

פון ניכטס האט מיך גאט ערוועקט צו לעבען<br>
וועה! מיין וועלט איז פערפלויגען, חלעבען,<br>
גלייך וויא זיא איז גאָר נים געווען<br>
אונ דאס צווייטע מאָל צום שלאָפען געהן,<br>
דאָ אויף מיין מוטערס שויס<br>
געהט מיר מיין נְשָׁמָה אויס.<br>
דיא מַצֵבָה זאגט עֵדות אַז בְּיַד רָמָה<br>
האב איך מיט גאָטס פיינד געהאלטן מִלְחָמָה<br>
נים מיט אייזען, נור מיט וואָרטער<br>
פערטהיידיגט יודען אין אללע אָרטער,<br>
אויף דער יַבָּשָׁה אונ אויף דיא יַמִים<br>
איז מיינע עדות: „זְרוּבָבֶל" אונ „אֶפֶס דָמִים"!

* * *

תָּמוּת נַפְשִׁי מוֹת יְשָׁרִים וּתְהִי אַחֲרִיתִי כָּמוֹהוּ!

---

נער גוב׳, בעסראַביען אונ קרים. דיא גאנצע קאָרעספּאָנדענץ מיט דיא אללע פּאַפּירען וועגען דיא קאָלאָניעס האט לעווינזאָהן איבער געגעבען דעם מיניסטער וונוטרעניך דיעל ה׳ בלודאָוו, עַל פִּי פְּקוּדַת הַקֵיסַר ניקאָלאַי, דורך דעם שטאַטס־סעקרעטאַר לאָנגינאָוו. „וויא עס האט מיר געשריבען דער קיסר בְּכְבוֹדוֹ אין זיין פּייערען בריעף וואס איז בייא מיר זייער געשעצט".

אוזי זעהען מיר דיא ענדע פֿון דעם גרויסען מאנן, וועלבער האט יסורים געליטען, ביז אין דיא לעצטע מינוטען פון זיין לעבען. אין דער צייט, וואס ער וואלט זיך שוין געקענט אביסעל אָפּרוהען אונ לעבען צופֿריעדען, איז ער געשטאָרבען, בעפֿאָהר ער האט גענאָססען דיא פֿריכטע פון זיין ארבייט.

## אַ רְשִׁימָה

פון לעווינזאהנ'ס זאָמטליכע ווערקע געדרוקטע אונ מאַנוסקריפּטען (כְּתְבֵי יָד).

א) זְרֻבָּבֶל 4 טהייל; ב) סֵפֶר הַזִּכְרוֹנוֹת, לעבענס-בעשרייבונג פון ריב"ל, ענטהאַלט רעצענזיאָן פון לעווינזאָהנ'ס ספרים, פערשיעדענע בריפפע, א. ז. וו. געדרוקט מיט דעם זרבבל דאס ערשטע מאָהל אים יאָהר תרל"ו (1875). ג) תולדות שֵׁם, צווייטער טהייל פון דעם בעריהמטען ספר „שָׁרְשֵׁי לְבָנוֹן" לעקסיקאָניש בעאַרבייטעט נאָך דעם אַלפאָ ביתאָ. געדרוקט אים יאהר תרל"ז (1877). בֵּית יהוּדָה, אין צוויי טהיילע, דריטטע אויפלאַגע, געדרוקט אים יאָהר תרל"ח (1878). ה) יַלְקוּט ריב"ל, ענטהאַלט; בריעפע, געדיכטע, מִכְתָּמִים, מְלִיצוֹת אונ חִידוֹת, אויך פערשיעדענע קורצע מַאֲמָרִים, געדרוקט אים יאהר תרל"ח (1878). ו) תְּעוּדָה בְּיִשְׂרָאֵל, דריטטע אויפלאַגע, געדרוקט אים יאהר תרל"ט (1879); ז) אֶפֶס דַּמִים, אדריטע אויפלאַגע, אים יאהר תרל"ט (1879); ח) יְמִין צִדְקִי, אַתשובה אויף אַספר, וואס פאַלט אָן אויף דיא חכמי הַתַּלְמוּד געדרוקט תרמ"א (1881). ט) אֶפֶס דמים, אין דער רוסישער שפראַכע, געדרוקט אים יאהר 1883, אונטער דעם נאָמען "Дамокловъ Мечъ„, איבערזעצט דורך יוסף סאָרקין אין פעטרסבורג; י) אֶפֶס דַמִים, אין דער דייטשע שפראַכע. געדרוקט 1885, איבערזעצט דורך פריעדלענדער. יא) בִּקּוּרֵי ריב"ל, (זאָמטליכע קריטיק) געדרוקט הרמ"ח (1888) ענטהאַלט: יום הַזִּכָּרוֹן צום הונדערט יאָהריגען יובילעאום, זייט לעווינזאָהן איז געבוירען; יהושָׁפָט (צווייטע אויפלאַגע) עם תולדות ישי"ר; עַנְפֵי הֲדַסָּה; בִּקֹּרֶת ספר כְּלִיל יופי להר"ר הח' אָדָם הַכֹּהֵן לעבענזאהן מווילנא; אור לְאַרְבָּעָה עָשָׂר מַאֲמָרֵי אֲגָדָה (לעגענדען); תַּעַר הַסּוֹפֵר, בִּדְבַר הַכִּתּוֹת שֶׁקָּמוּ בְּיִשְׂרָאֵל; דרייא בריפפע; יב) אֶשְׁכּוֹל הַסּוֹפֵר; זאמלונג פון שירים ומִכְתָּמִים, געדרוקט תר"ן (1890) אין דעם ספר קומט פאָר אַגעדיכט (הִימְנֶע) וואס לעווינזאהן האט געשריבען צו דער חתונה פון אַלכסנדר דעם צווייטען קיסר פון רוסלאַנד זצ"ל. דעם שיר האט מען געזונגען מיט בעגלייטונג פון מוזיק אין דער ברעסט ליטאָוו. סינאגאָגע, דער קאָמענדאַנט פון דעם פעסטונג האט דאס געדיכט פאָרגעשטעלט דעם קיסר ניקאָליי ז"ל מיט אַדייטשער אונ רוסישער איבערזעצונג. (דיא מאַנוסקריפּטען).

א) באר יצחק, זאמלונג פון פערשיעדענע ליטעראַרישע בריפפע.

ב) פתוחי חותם, קאָבאָליסטישע אַרטיקלען, אויך וועגען „מטטרון"

ג) יזרעאל, פערשיעדענע ליטעראַרישע אויפזעצע.

ד) חקר מלים, קריטיק אויף דעם אוצר השרשים פון בן זאב.

ה) אהלי שם, דריטטער טהייל פון דעם ספר שרשי לבנון אונ תולדות שם, נאָך דעם א"ב (לעקסיקאָניש).

# דיא הֶפְקֶר וועלט

באַך וויסאָקע ,
פאַן דאַלעקע .
(אַ גויעש ווערטעל)



**ר' זרח** גוט מאָרגען , ר' פייטיל !

**ר' פייטיל** גוט מאָרגען , גוט יאָהר !—אוי ביטער—ביטער , נישטאָ קיין כחות , נישטאָ—נישטאָ—אוי !

**ר' זרח** זעצט אייך , ר' פייטיל , לעבין מיר , אויף דער פריזבע , רוהט אייך אביסעל אָפּ , זעצט אייך לעבין דעם יודען , נישט קָשֶׁה—נישט קָשָׁה !

**ר' פייטיל** ווער איז דער יוד ? אַפָּנים איין אורח עפּים ? שָׁלום עֲלֵיכֶם ! פון וואנען איז אַיוד ?

**אורח** פון רייסין .

**ר' פייטיל** אָסקלאָוויר ? אַמאָהליוור ? אַוויטיפסקער ? האַ ! איך הער נישט פון וואַנען ?

**אורח** אַמאָהליוער ! דאס הייסט , נישט אין גאנצען אַמאָהליוער , אונ פאָרט איין מאָהליוער , אַוויטיפסקער אויך אביסעל , אונ אשטיקעל דובראָוונער , אונ היינט בין איך גאָר איין קורלענדער .

**ר' זרח** וויא אַליטוואַק , פון עלף שטאָדט , אַשטעגיר וויא אַפידקאַמינער—בראַם־ליוזער—יְרוּשַׁלְמִי !

**אורח** חא , חא , חא , אגעלעכטער , חלעבין ! אוי , מַאֲרִיךְ יָמִים זאלט איהר זיין , זיידוניאָ ! עס איז גאָר אַפּורים־שפּיל מיט דעם אַלטיטשקען , לעבען זאלט איהר הונדערט אונ צוואַנציג יאָהר ! זעצט אייך דאָ , איהר האט נעביך גאר קיין כח נישט , זעצט אייך , נישט קשה !

**ר' זרח** פון וואנען געהט איהר עס דאָ ? עפּים געהט איהר מיר אָנגעזאָטעלט , ר' פייטיל ! געהט איהר נישט פון אַבאַרעקינס'יל , פון אַברית'יל , עפּים פון אַשִׂמחה'לע ,—האַ ?

**ר' פייטיל** אוי אַשִׂמחה'לע ! אַמיתה משונה זאלען זייא איין נעמען היינטיגען טאג מיט זייערע שִׂמחה'ליך !

**ר' זרח** וואס איז עס עפּים אנייעס , ר' פייטיל ?

**ר' פייטיל** איך געה עס דאָ פון אַשְׁבוּעָה'לע , טאג אונ נאכט שבועות , אָסיפות , הַעֲרָכות , יאַבעדעס , אונ וועלכע שוואַרצע יאָהר , פאר צאַפּעלט זאלען זייא ווערען , רִבּונָא דְעָלְמָא כּוּלָא ! טאג אונ נאכט שבועות ! וויא זאל השי"ת אקענגען אונז אפרייען מוטה בעוויזען ? אין דער אמת : „יאַך מי דאָ באָהאַ טאַק באָהַ דאָ נאַס" , זאגט איין עָרֵל אשפריכוואָרט , איז עס אַמִבְרָיל גאָר אַתּורה .

**ר' זרח** וואס איז ווידער פאר אַשבועות ?

ר׳ פייטיל זאל אייך אזוי וויסען שלעכטס אונ מיך אונ אללע יודען! פרעגט מיך
בְּחֵרֶם, אויב איך וויים, וואס איך האב געשוואֹרען, אונ נאך וועמעס
טאַטע־מאַמע; מִן הַסְּתָם עפּים פּעקיל־מאַכערס, געשעפּטען,—מען האט מיר
געהייסען שווערען, האב איך געשוואֹרען,—עפּים זאגען—האב איך געזאגט,
וואס אונ ווען, ווייס איך נישט, אָסוּר!

אורח איך פארשטעה נישט, סטייטש, וויא טאָהר מען שווערען, אז מען ווייסט
נישט, וואס אונ ווען? עס מעג זיין אקעגען איין יודען, אדער אקעגען
אַגוֹי; אָך איז מיר, דיא האָר שטעכען מיר אין קאָפּ: סטייטש פאלש שווערען?
דאס איז דאָך דיא גרעסטע עבירה אין דער וועלט, מען קען דאָך קיין כַּפָּרָה
נישט האבען ניט בְּעוֹלָם הַזֶּה אונ ניט בְּעוֹלָם הַבָּא, וואס איז דאס ביא אייך,
עפּים גאָר אַ„הֶפְקֵר וועלט", רַחֲמָנָא לִיצְלָן!

ר׳ זרח דיא גְּמָרָא זאגט, וואלט מען נאר געוועזען דיא צַדִּיקִים: חֲנַנְיָה, מִישָׁאֵל
וַעֲזַרְיָה געשלאָגען, העטין זייא בְּוַדַּאי עֲבוֹדָה זָרָה געדינט; יִסוּרִים קאָן
קיינער נישט אויס האלטען!

אורח סטייטש, ווער נייט אַיך דען, איהר זאלט ליגען זאגען, מִילָא שווערען
נייט מען אייך אֶפְשַׁר, אבער זאגען איז דאָך דיא בְּרֵירָה ביא אייך; וואס
איהר ווייסט, דאַרפט איהר זאגען!

ר׳ פייטיל אגילעכטער, חלעבין, מיט דעם ליטוואַק! סטייטש! איך האב געהאט
אַבְּרירה ניט צו זאגען, וויא מען הייסט? מען וואלט אויף מיר דיא
שְׁמַד ארויף גילעגט אונ מען וואלט מיך עוקר מֵהַשּׁוֹרֶשׁ געוועזן!

אורח גאָר עפּים אַפּערקעהרטע וועלט!

ר׳ זרח פערשטעהט זיך, איהר האט נישט געלערנט דיא גמרא: „זאַ פּראַוודאָ
ביאָט"... וויא איז דען ביא אייך אין רייסין מיט דיא פּעקיל־מאכערס?

אורח ביא אונז האבען דיא רַבָּנִים חֵרֶם געגעבען מען זאל גאר נישט פּעקלען,
דעם פּעקיל־מאַכער נעמט דער רַב מיט קָהָל אונ זענען איהם מוסר צו דער
פּאָליציע, צו מיט פּעק צו אָהן פּעק, מען גיבט איין, איין אָביאַווליענע, בַּאֲשֶׁר
דער אונ דער איז איין עוֹכֵר יִשְׂרָאֵל; אונזערע רַבָּנִים האבען נאך געלעהרנט אין
יוֹרֶה דֵּעָה, אז עס איז אגרויסע מצוה אפּעקיל־מאַכער מוסר צו זיין צום מַלְכוּת,
מען זאל מיט איהם פּאָסטאָפּאַיען פּאָ זאַקאָנוּ, ווייל ער איז איין עוכר ישראל,
אונ איז גורם כְּלַל יִשְׂרָאֵל פיעל שלעכטס.

ר׳ פייטיל זאגט זשע אזוי מיין לעבין! דאס איז גאָר עפּים אנדערש, מַאֲרִיךְ יָמִים
זאלען זיין אייערע רבנים! ביא אונז ליגען אבער דיא לוֹמְדִים דיא
רבנים גאָר אין דער ערד מיינע שׂוֹנְאִים. ביא אונז פידרען אבער חסידישע רַבִּיִּים
דאס רעדיל, זייא קוקען נישט אין תַּכְלִית אריין, זייא זאגען: זייא קוקען אין הימעל
אריין, זייערע קינדער אלליין האבען אָפט שטעקען־געלד אין פּעקיל, סטייטש
אפּעקיל־מאכער איז דאך ביא רביים גאר דאס אייבערשטע פון דעם שטיי־
סיל: ווער גיט מעהר געלד דעם רבין, וויא אַפּעקיל־מאכער? ווער איז מעהר
השוב ביא זייא וויא אפּעקיל־מאכער?

ר׳ זרח וואס חאַפּט איהר זיך גאָר גראָד אָן אין דיא רביים ? גלויבט מיר, רביים זענען אויך גאָר נישט שולדיג, קיין לומדים זענען זייא נישט, אבער ער־ליכע יודען, חלעבען, זענען זייא, דיא פליאַסקעס וייערע, דרומלען זייא אַין אַ קינד אין בויך; אָבער זייא אַלליין זענען גלאַטע יודען; דער רבי וויל אויך לעבין, ובפרט ער האט נעבּיך קיין אנדערע פרנסה נישט, וואס דען זאל ער טהון ? פון דער ביטערער פרנסה וועגען, מוז מען קענען אמופת'יל אויך בעווייזען, אבריררה האט מען ?

אורח נאר בייא אייך אין וואָלין גילטען דיא נארישקייט; בייא אונז ווייסט מען גאר ניט, וואס איז עס אַרבי, וואס איז עס אַבעל מופת; בייא אונז זענען נאָר חשוב לומדים, חֲכָמִים, אזוי וויא פאַרצייטען איז געווען, וויא אונזערע חֲכָמִים האבען זיך נוהג געווען; פאר וואס הערט מען נישט קיין רַבִּים אין דער גאנצער וועלט ? איך בין געוועז אין אֶרֶץ ישראֵל, אין איטאַליע, אין אַשְׁכְּנַז, אונ נאך אין כַּמָּה מְדִינוֹת; מען ווייסט גאָר נישט, וואס איז עס רביים, וואס עס איז אָנשטע־לען ? עס איז דאָ גרויסע לומדים, גרויסע חכמים, אמת'דיגע יודען מיט יִרְאַת שָׁמַיִם, קענען אמאָל שטעהען פאר אַשְׂרָרָה, פאר אַמלך, ווען דער עולם בעדאַרף עפּים אין נעטיגען אינטערעס, קוקען אמאָל אריין אין קהל'ס זאכען, דער געמיינער מאן זאל ח״ו נישט געקריוודעט ווערען, זייא גיבען אכטונג, עס זאל זיין ערליך קָהָל, ערליכע ראָטמאַנעס, ערליכע טהוערס, וואס זאלען עוסק זיין בְּצָרְכֵי צִבּוּר בּאֶמוּנה ...

ר׳ פייטיל פונקט וויא בייא אונז, הַמַבְדִיל, פַּרְנַס־חֳדָשִׁים־גַנָבִים, רוצחים, לעגען זיך נאָר—זייא זאָללען רייך ווערען פון אָרעמע לייט, אין דער אמת איז היינט געווארען בייא אונז זעהר פיעל אָרעמע לייט, מען בעגזלט זייא, מען בעראַבעוועט זייא טאָג אונ נאכט !

אורח נאך וואס מאכט מען אזעלכע לייט פאר קהל ?

ר׳ פייטיל סטייטש, זייא מאכען זיך אלליין !

אורח וויא הייסט ? מען מוז דאך זייא באַלטירירען מיט אַוויבאָר !

ר׳ פייטיל יאָ, מען באַלטירירט, נאָר וויא אזוי באלטירירט מען אָבער? עס איז פערהאַנדען עטליכע נגידים אין שטאָרט, אַבי זייא זענען בלאַט—מַהֲסְתָּם ניט אום־זונסט, מען שטעקט זייא עפּעס אָפּ: דעם התימה געלד, דעם אַמתנה, מען מאכט סעודות אויף זייא, אונ מען טהיילט זייא נאָך צו האלבע קערבליך אויך; דער איבריגער געמיינער עולם מוז שוין בוראַי נאך זאגען „אָמֵן״. דער ליגט דאָך גאָר אין דער אֲדָמָה בייא אונז: ער איז כלל בּיים נָגִיד איין עֶבֶד כְּנַעֲנִי, ווארום נאר עפעס—אָט שטעלט מען איהם שוין אַריין צעהן זעלנער צו האָדיוועז, אָט מאָנט מען איהם קאַשע־געלד אַיין קערביל (ווארום דיא נגידים זענען דאָך אַינס מיט קהל), אָט נעמט מען איהם גאָר זיין קינד, אַבֶן יחיד, אַוועק פאר אַרעקרוט; דיא מוזען שוין אלץ טהון, וואס דער נגיד, אדער קהל הייסט.—האַ ?

אורח עס איז דאָך עפּעס בייא אייך גאָר סדום, רַחֲמָנָא לִיצְלַן !

**ר׳ זרח** מיין ליבער ר׳ פייטיל, לְמָשָׁל, וויא וואָלט ער נאָך געזאָגט, אז ער זאל וויסען די איבריגע היגע חפצליך, אז דאס הייסט שוין ביי איהם סדום?

**ר׳ פייטיל** אַ פְּנִים, עס האט גאָר אַ שיעור, אדער איין עֶרֶךְ, וויא מען ווערט פאַרשוואַרצט? אוי רבש״ע!

**אורח** חלעבין, עס געהט מיר פאָרט נישט אין קאָפּ אריין, עס זאל אזוינע עפינטליכע רציחות געשעהן! נו, שרייבט מען אין א גובערניע אריין, פאר נויט קיין פעטערסבורג אליין.

**ר׳ זרח** באַ, באַ, באַ, באָך וויסאָקע, אַפּאַן דאלעקע!...

**ר׳ פייטיל** אמעהר פרעגט א קשיא, מיין ליבער יוד, דארף מען בעסער, וויא דער קייזער זאל מַאֲרִיךְ יָמִים זיין, האט אזוי געטראכט פאר דעם יושר בייא רעקרוטען נעמען, אז עס זאל אליץ עהרליך צו גיין?

**אורח** נו, סטייטש? ביי אונז געהט טאַקי זעהר עהרליך צו, איז דען בייא אייך נישט דאָ קיין אָטשערעדני קניגע?

**ר׳ פייטיל** טאַ, עס איז דא! נאר בייא דער אָטשערעדני קניגע מאכט ערשט קהל מיט דיא אָדראַווטשיקעס, וואס זענען, חֶשְׁבּוֹנוֹת, וואס באַחשבונען זיך זעהר גוט לְכַתְּחִילָה, וויא אזוי זייא זאלען שטעלען דעם סֵדֶר פון דיא נִכְתָּבִים, אז עס זאל אוים קומען טאַקי אויף דעם אָרומאַן, וואס זייא ווילען.

**אורח** וויא אזוי לְמָשָׁל?

**ר׳ פייטיל** לְעֵת עַתָּה שטעלען זייא פון פאָרינט דיא אלע, וואס זיי טויג, אז עס זאל אזוי געגנוג זיין אויף דרייא יאָהר; נאך דרייא יאהר וועט מען בעדאַרפען מאכען אנייע קניגע, וועלען זייא ווידער אזוי אוים דרייען, עס זאל אוים קומען ווידער אויף דאס זייעריגע.

**ר׳ זרח** אין דער אמת, זינד מען נעמט רעקרוטען, האט מען נאך ניט אוועק געגעבען קיין עושר׳ס קינד, קיין שום תקיפ׳ס קינד, קיין שום פאַקטערס קינד, קיין שום בית־הַמִּדְרָשׁ־בחור, נאר אָרימע־לייטס קינדער נעביך, ערליכע בַּעֲלֵי־מְלָאכוֹת קינדער, וואס העלפען זייערע עלטערען ארבייטען, ערליכע מְשָׁרְתִים, ערליכע בעהלפערס.

**אורח** יאָ, וואס טוט מען אבער, מיט אַבן יחיד, למשל? דעם קאן מען דאָך שוין נישט אוועק געבען פאָ זאַקאָנו?

**ר׳ זרח** טאַ, אזוי וויא איהר טענה׳ט, אליץ פאָ זאקאָנו זענט איהר בודאַי זעהר גערעכט, בייא אַדין־תּוֹרה, הייסט עס, אבער מען גיט דוקאָ אוועק איין און איינציגע ערליכע קליינע קינדערלעך פאר צוועלף יאָהר, ווייל מיט אקינד קאנען זייא מאכען אלע שווינדעל.

**ר׳ פייטיל** איהר זאלט זעהען, מיין פריינד וויא מען שלעפט פיצליך קינדערליך וויא דיא חֲזֵירִים, פון דער מוטערס שויס! דאס רַחֲמָנוּת צו ברעכט דאס האַרץ! חאָטשי אזוינע קינדערליך, פיציקליך, וואס מען ווייסט אז דיא פריסוטסטווע וועט זייא בודאַי נישט צו נעמען, חאַפּען זייא דיא לאָוטשיקעס

(האַפּערם) אוים, דען זייא ווייסען, אז דיא מוטערס וועללען דיא העמדער פאר קויפען אונ זייא אוועק געבען, זייא זאלען אפּ לאָזען זייערע קינדער. וויא קען מען דאס גאר אוים האלטען, אז מען זעהט קליינע קינדערליך בעטען, דיא פאָטער אונ מוטער זאלען זייא בלינד מאכען, אדער עפּים איין אנדער מום מאכען, כְּדֵי זייא זאלען פּטור ווערען פון שרעקען...

אורח ווייסט איהר, אז סדום איז נאך אַהונד געווען אקעגען אייער קהל מיט אייערע אָראַוטשיקעס מיט זייערע רציחות וגנבות, וויא איך פארשטעה?

ר׳ זרח איך האב הֲנָאָה, איהר קומט שוין אביסעל צום שֵׂכל.

ר׳ פייטיל איהר מיינט, איהר זענט שוין פארטיג מיט דיא גנבות? וייא האבען נאך טויזענד באָליאַטשקעס, צו־שפּרינגליך פון אלע זייטען, זייא דאַנקען גאָטט אַבּי זייא טראכטען נאָר אוים אנאָמען וויא דיא נְתִינָה זאל הייסען: דאס איז „קאַשע געלד״, דאס איז עפּים אַניי שְׁלִימְמַזָל, דאס איז „טורמע געלד״.

אורח וואס איז עפּעס פאר „קאשע געלד״? דאס איז עפּים אַנייע זאך! אֶפשר האָדיוועט קהל דיא פייגעלעך שבת־שירה מיט קאַשע? חלעבין, אַבשר׳ער מִנְהָג! אין וואָלין קען זיך אבער אלץ טרעפען.

ר׳ זרח זייא האָדיוועין כלומרשט מאָסקוויטער (סאָלדאַטען).

אורח סטייטש, דער קייזער גיט דאָך זייא גרויפען?

ר׳ זרח דאס באַהאַלט שוין קהל זיך, איך וואלט זייא שוין דאס אויך מוחל געווען, נאָר דיא גאנצע קאַשע, למשל, וועט אָן טרעפען: אמאל צעהן קערבליך אַוואָך, צום סוֹף מאכט מען רעעסטרים, וואס טרעפט אָן הונדערט קערבליך אַוואָך, חאָטשי עס איז אמאל גאר נישטאָ קיין חַיִל, אונ מען האלט דער בייא נאָך נֶאֱמָנִים, סיפּאַקעס. דער אָרומאַן ווערט בּודאי גוט אוים געריסען. קיין עושר קיין תקיף גיט ב״ה נישט אַקאָפּיקע; וואס טויג עס איהם? ער נעמט בעסער אַחֵלֶק; אז ער איז שוין גאָר דער פרומער, איז ער זיך מְיַשֵׁב: „אַבּי מענע ני זאַטשיפּייע״...

אורח דער עושר, האט אַפּנים, צאָהלט גאָר נישט, וויא איך זעה?

ר׳ זרח עס פאַרשטעהט זיך! מעהל פירט ער זיך אריין אָן טאַקסע, הייוועץ אָן טאַקסע, זאַלץ אונ איטליכם פיצל—נאר דער אֶביון צאהלט.

ר׳ פייטיל פאר געסט נישט, אז דער עושר האט טאַקי אלליין אַחלק אין דייא דאזיגע טאַקסעס.

ר׳ זרח ווער קען אוים דערציילען, וויא פיעל שמד־שטיק דאָ שטעקט נאָך בייא דעם פארדינגען אונ בייא דעם דינגען? עס ווערט אלץ געמאכט מיט אזוינע ממזר־שטיקליך, מיט אזוינע זאַביעגים, מיט אזוינע גנבות וואס דיא דאָר נעהן קאַפּויר!

ר׳ פייטיל דער אָרוממאן איז תמיד דאס כַּפָּרָה הינדעל; זעהט, מיין פריינד וויפיל אָבמאַנסטווע קהל מיט דיא איבריגע סיפּאַקעס טוען—מוז דער עלם נאך ארויסגעבען אקוויטאַנציע אלע יאהר אז זייא זענען ערליך געווען,

און דיא אָרומע לייט, וואס מען האט בייא זייא דיא הויט אראָפּ געצויגען מיט פאלשע נְתִינוֹת און הָעֲרָכוֹת, דיא דאזיגע אָרומע לייט, מוזען זיך נעביך אלליין נאך הַתְמִינען אויף דער קוויטאַנציע, און אז מען דארף דערויף שווערען, מוזען זייא שווערען אויך.

**אורח** אוי, דאס פאלשע שווערען צוהערען שפּאַרט מיר אוים דיא נשמה! אוי, גוואַלד, איבער שבועות שֶׁקֶר האפּט עס גֶּ-ט אוים ביי דיא פאָטער און מוטער דאס בעסטע קינד.

**ר' זרח** וואס שמיעסט מען! עס איז געווים אזוי!...

**אורח** איך וואלט גערען געוויסט, דיא לייט מוזען דאָך זיך פאָרט עפּים אַיין ריידען אשטיקעל הֶיתֵּר? איך וואלט עס אויך גערען געוויסט! איך בין אויך ב"ה קיין עַם הָאָרֶץ נישט; זאגט זשע, מיין ליבער ר' זרח, איהר זענט דאך אַלַמְדָן און אשטיקעל דַיָן. וויא איך הער; וואס איז פאָרט דער היתּר? אֶפְשַׁר אקעגען אוּמוֹת העולם? איך פאַרשטעה נישט. עס הייסט דאָך אלץ פאלש נעשוואָרען, מען דארף דאָך אייך נישט זאגען, איז דען נישט אזוי דער דין תּורה? אַדרבּאָ, זאגט מיר דעם התר? דיא גְמָרָא זאגט, און אלע פוסקים זאגען, אז אקעגען אַגוי אפילוּ, אז מען שווערט פאלש, האט מען אגרויסען עונש; אַפאלשע שבועה ווערט קיין מאָהל נישט פארגעסען.

**ר' זרח** וואס פרעגט איהר אַקשיאָ אויף דיא לייט? דיא גמרא זאגט אז אמענש טהוט איין מאָהל און צוויי מאָהל איין עֲבֵירָה, ווערט זיא שוין בייא איהם וויא אַהֶתֵּר; וואס שמיעסט איהר דא פון די לייט? דיא גאנצע שטאָדט איז בייא זייא אין דיא הענד.

**ר' פייטיל** עס האט אַפּנים, נאָר דיא עֲבֵירָה אליין טוען זייא, טאַ! דיא וואס האנדלען מיט טְרֵיפָה-סחורות זענען דאָך אָן דעם עובר כָּל הָעֲבֵירוֹת.

**ר' זרח** אוי! דיא ראַזבויניקעם שפּיעלען נאך דער צו אַפרומע ראָלע; פאָהרען אלע מאָהל צו גוטע יודען אויף שבת, לייגען אלץ אין דער יִרְאָה אריין, און בִּפְרַט דער גראָשען איז ביי זייא גרינג, זייא זענען פּונקט וויא די קאַרטעטשניקעס.

**ר' פייטיל** ביי דעם איז זיך דער גראָשען אַממזר, אָט אין אַשעה פאר דיענט ער הונדערט רענדליך, מילאָ איז ער נאך כלומרשט, יִמַח שמו זאל ער ווערען, אַבַּעַל צְדָקָה אויך: שטעלט זיך שאָן פּוּרים, חֲנוּכָּה, עֶרֶב יום כפּוּר, ראָש חודש אלול אויף דעם הייליגען אָרט, שטעלט חֲסִידִים אמאהל אטרונק, גיט אַנְדָבָה אויף הַכְנָסַת כַּלָה, קויפט אַתּה-הָרְאֵתָ פאר צוואָנציג קערבליך, איז כלומרשט אגרויסער יִרְאַת שָׁמַיִם...

**אורח** נע פאסטע אי נע גנבע!...

**ר' זרח** און דער בייא וויא מאכט ער נישט אמאָהל אַשׂמחה'לע, אבּרייטען בּרית, אבּרייטע חתונה, אַפּדיון הבן, און קאָסקעט דער מיט אזוי איין דעם עולם.

**ר' פייטיל** אכלל מען שפּיעלט דאָ מיט דעם לעבען, איך וויל אייך גאר אזוי גראָב נישט דערציילען.

**אורח** דער צעהלט־זשע מיר האָטשי רָאשֵׁי־פְּרָקִים, איך וועל שוין דאס, וואס מען טאָר ניט אויס זאגען, אליין זיך שטויסען.

**ר' פייטיל** וואו עס איז ערגיץ אסלערסטווע, האט שוין דער אָרומאן, נעביך זיין אָפקומענעש, דען פלוצלים קאן מען איהם נעביך אזוי אוועק שלעפען פאר דרייסיג מייל, און דער ווייל ווערט ער אויס געריסען אומזיסט און אום נישט, ובפרט דאָ איז אלץ אזוינע אויסגעשטעלטע יאַבידניקעס, און דער בייא האבען זייא דאָך פיעל בעקאַנטשאפט מיט דיא קליינע אֲדוֹנִימְ'ליך, מיט דיא אונטער־שלאַקען; געלד איז דאָך ניט חשוב, אַפינף־און־צוואַנציגער, אַפופציגער איז דאָך בייא אזוינע קיין געלד נישט, מילאָ וואס קאָן היינט נעביך איין ערליכער מאַן, אַספּאָקאָינער און דער ביי איין אָרוממאן, מיט צעהן פינגער, אקעגען אזוינע באַשטעהן? וואס העלפט עס, עס איז אַהֶפְקֵר וועלט!

**אורח** פערשטעהט איהר, וויא איך זעה האט אפנים, אז היע איז נאך דאס ערגד־סטע פון אללע עֶשֶׂר מַכּוֹת: זייא האבען טאַקי אַשם אין דעם ווינקעל פאר זאַקאָניקעס, בְּרִיוֹת, מְחַבְּלִים, זייא מוזען דער צו נאך אֶפשר קענען גוט שרייבען רוסיש, פויליש, ובפרט רעדען פויליש און רוסיש גאר שין־טית, האַ?

**ר' זרח** אַ, איזין, מחילה! גלויבט מיר, איהר האט נאך ניט געזעהען אזעלכע עַם־הָאֲרָצִים, זינד איהר לעבט; גלויבט מיר, דיא גרעסטע היגע טוּוזענד רוּחות'ניקעס, מחילה, קענען קיין רוסיש קוויטעל נישט איבער לייענען, נישט איין אדרעס אויפשרייבען; גלויבט מיר, איך האב געהערט אמאל אהיגען מאכער, איין אלץ־מיט־אנאנדער, וואס קהל האט איהם בוחר געווען, ער זאל זיין דער דַבְּרָן מיט אַשְׂרָרָה עפּעס, וואלט איהר זיך געקאַצעט פאר געלעכטער; איהר זאלט הערען, וויא ער האט געשמועסט גויעש, רוסיש, פויליש, און עפּיס קייזער־ריש, לאז שוין זיין האָטשי וויא עס איז, איז יעדעס וואָרט נאך געוועזען צו קאליט־שעט מיט טויזענד גרייזען; עס איז געוועזען אַבושה און אחֶרְפָּה! און אז עס האט זיך איהם שוין גאָר אויס געלאזט לשון אין מיטען, האט ער אויס געפיהרט דאס איבריגע מיט דיא פינגער, וויא אמהרש"א'ס קשיאָ; פון דעסטוועגען וועט איהר נישט קריגען איינעם אין שטאָדט, וואס ער האַלט זיך נישט פאר אוואוילקענענ־דיגען, און האט אַהאָזע, וויא פינטע, בלאזט פון זיך, וויא אהינדיק אין עֶרֶב פסח, שיסט באלד מיט פאָזיווים, מיט פראזבים.

**אורח** וואס־זשע איז דער לאַרעם מיט דיעזע פיליסטראַנטין, מיט דעם וואס זייא זענען יאבידניקעס, מוסרים, טויזענד רוחות'ניקעס?

**ר' פייטיל** גאר נישט, נאר מיט עזות, מיט חוצפּאָ, מיט גנבה'ליך, הַמְצָאָה'ליך, מיט עָרְמָה'ליך; אין דעם זענען זייא טאַקי בלומ־רשט מְחַבְּלִים, און דער בייא גרויסע יאַבידניקים, מְשׁוּנֶה־מוּפְקָרִים... קיין סוחרים איבער פעלד איז דאך היע נישט דאָ, זעהר ווייניג מְשׁוּנה, דרייא אדער פיר; דיא זענען טאַקי אין דער אמת ערליכע לייט, און דער בייא עשירים, ווייטער זענען דאך אללע נגידים אהן געלד, מען לעבט נור פון דעם ווינד, אַפּעקעלע, אַקוויטילע אויף אַפּריץ, פון עפּיס אַהַתְמַנוּת'יל, פּאַקְמָער־לשון און אמאל אַמסירה'לע הינטערוויילעכס, דער־

בייא פון דיא גנבישע טאַקסעלעך, עפעס פון דער זייט אלעק אשמעק, קיין גאָר איז אלץ נישט דאָ!... זעהט מיין פריינד, אָט דעם יונגען מאַן, וואס דאָ שטעהט אין מאַרק אזוי ברייט, אויס געשטשאָגילט מיט אַלאַסטיקינער בקעשע, דיא פּאָלעס פאר שאַרט, מען זאל דעם רויטען אונטער שלאַק מיט דיא ברייטע דאָמען ארויס זעהען, האלט דיא האַנד אין דיא הויזען־קעשענע מיט אפיין האלדז־טיכעל, גאָר מיט דער גאנצער מאָדע!

אורח דער וואס האלט ארויטען פּאַראַסאָל אין דער האנד?

ר' פייטיל יאָ, יאָ! דער מחותן מיט דעם אָנשטעל, מיט דער האָזע!

אורח ער האט אַפּנים פון אַנגיד, וואס ער איז עפעס אלייפסקער סוחר, אַפּראָ־דוקטען הענדלער?

ר' פייטיל אָט! אשילאַטען שמש בייא פּידראַטשיקעס, אגרויסער עַזות פָּנִים, אַבּאַרימער, אליגנער, אכלל אגוטער שֵׁגץ, האט זיך אריין געדרעהט צווישען פּידראַטשיקעס אונ איז געווארען אטהוער. לויפט קיין זיטאָמיר אליין מיט אבויד, מיט אגרויסען גלאָק, פאָהרט נישט קיין ד' אַמות אָן אסאַמאָוואר, פרעגט אלץ נור דעם קורס פון סיגנאַציעס כלומרשט, לאזט נישט דורך געהן קיין פּאָטש־טיליאָן אין גאַס, פרעגט אלץ, אויב עס איז נישט אָן געקומען עפעס עטליכע טויזענד רובל סיגנאַציעס אויף זיין נאָמען, ליגט צו לייגט מיט פאַפּירען, דאס הייסט ער אָטפראַוועט אלץ דיא פּאָטשט, ווען מען בעגעגענט איהם, זאגט ער אלץ, ער געהט פון דעם גובערנאַטאָר, פון דעם פּראָקוראָר, שקר וויא דיא עֲבוֹדָה זָרָה!

ר' זרח וואס חאַפּט איהר זיך גראָד אָן אין איהם? ער איז שוין דאס הינטערשטע פון דעם בענטשען, מען שמועסט אבער פון דער גילדענער פּאָהן כלומרשט.

אורח שאָן בעקליידט, חלעבין, אַשאָנער פּריץ אונ אגרויסער דלות! אָט אַפּנים, וויא איך זעה, איז היא נעביך דאָ זעהר פיעל געמיינע לייט, אָרעמע בַּעֲלֵי מלאָכות, בַּעֲלֵי בָתִּים, וואס מוזען שטארבען פאר הונגער?

ר' פייטיל וואס דען מיינט איהר? ווער עס איז נעביך איין ערליכער מאַן ליגט אין דער אֲדָמָה, וויפיעל מיינט איהר, זענען דען גאָר אָט דיא וואס בלישצען אין שטאָט? דרייסיג אדער פירציג פערשוין. דאס איז דער פּאָר! דער כלל, ווער עס קען זיין עפעס אטהוער אין שטאָדט, דער לעבט דער פון, דער איבריגער עולם האָריוועז, רייסען קריעה, פאר דינגען נעביך מיט דעם ביטערען שוויס זייער גראָשין; וואס העלפט עס? זייא מוזען האָריוועז אויף פרעמדע ווייב־אונ־קינדער, זייער גאנץ דאָברע מזל נעביך געהט אריין אין דיא פערשמאָדערטע נגידים: זייא זויגען זייא אויס טאָג אונ נאכט מיט נתינות, מיט דיא טאַקסעלעך, מיט רעקרוּ־טען־געלד, מיט אָקסען געלד—השי"ת זאלל זייער רחמנות פאר זיך נעמען!

אורח וואס איז דאס „אקסען־געלד"?

ר' זרח האט מען בייא אייך גאר נישט געגעבען קיין אקסען בְּשַׁעַת מִלְחָמָה?

אורח יא מען האט געגעבען פון דער שטאָדט, נור דער־נאָך האט דאך דער קייזער געצאהלט אַחַת וְאַחַת,—האט קהל ווידער איטליכען אפּ געגעבען.

ר׳ זרח היע האט אָבער קהל געמאכט רעעסטערם אויף דער שטאדט, וואס האט געמאכט דרייא מאל אזוי פיעל וויפיעל מען האט בעדארפט אויף אקסען, און דערבייא טויזענדער שווינדעל, און דער נאך אז דער קייזער האט אום גיקערט דאס געלד האבען זייא עס זיך בעהאלטען.

ר׳ פייטיל אז עס איז נישט געווען דיא רעקרוטען, פלעגט אמאהל קהל דאס קַרְחַת האבען אזוי גראָב דעם ארוממאן צו בערייסען, מען האט טאקי פארט מורא געהאט, דער געמיינער עולם פלעגט זיך טאקי אמאל ארויף חאפען אויף זייא, און זייא גוט אפּ זידלען, און האבען זיך טאקי אמאל געקלאגט פאר אגובענאַטאָר: דער פַּחַד איז נישט אזוי גרוים געווען; היינט, זינד מען נעמט רעקרוטען, ציטערט נעביך דער געמיינער עולם דאס מויל צו עפענען; אַכלל, ער איז גאר פארקויפט ביים עושר וויא איין עֶבֶד כְּנַעֲנִי, וויא זאגט איין ערל אשפּריכווארט „אי ביע אפלאַקאַטי ניע דאַיע" ...

אורח איהר האט ביי מיר אַפּנים וויא איינער וואס שמייסט זיך אין באָד, און שרייעט: גוואלד, עס טהוט מיר וועה! שמיים דיך נישט און שרייא נישט! און ווער הערט אייך דאָ?

ר׳ פייטיל ברודער לעבען, איהר זענט בודאַי זעהר גערעכט, נאר וואס העלפט עס? „באָך וויסאָקע, אַפּאַן דאַלעקע"!

ר׳ זרח איהר מיינט, גאר דאס אליין? עס איז בייא אונז אלע זאכען ברוך השם אן אסדר, אן אַיושר? איהר זאלט זעהן, וואס ביי אונז טהוט זיך מיט דער טאקסע פון פלייש? צרות איבער צרות!

ר׳ פייטיל דיא טאקסע פאר דינגט זיך פריהער ביי קהל מיט דיא נגידים, ווארום נאר זייא הייסען דאָך דיא „אָבשטעסטווע" און ווער דינגט? טאקי זייא אליין; מיילאָ מאכען זייא זיך אלע שווינדעל דער ביי.

ר׳ זרח עס איז נאר אבושה און אַחרפה פאר אומות העולם, וואס עס טהוט זיך פאר אנגעוואלדען און הריגות דאָנערשטיג נאך ווארימעס ביי דער יאטקע! דער געהט אהיים מיט אצושפּאָלטינעם קאפּ; דיא יודענע גייט אהיים הייזעריג, פאר וויינט; דיא האלט זיך ביים קאפּ; דיא ביי דער זייט; דיא זיצט אויף אפריזבע, האלט זיך פידבאָקים און פאר הוסט זיך; דיא חלש׳ט!...

אורח שאָנע פּאַראַדקים בייא אייך! וואס זאגט, למשל, ביי אייך אַמגיד, אַרב אויף אזעלכע ענינים? פאר וואס זאל מען טאקי נית אויסשטראָפען דעם עולם, אשטייגער שבת בייטאג אין בית המדרש?

ר׳ פייטיל וואו האט איהר שוין אמגיד אין אונזער ווינקעל? שוין מעהר פון דרייסיג יאהר, אז דיא רביים האבען זייא פאר יאגט וואו דער שווארצער פעפער וואקסט; בייא אונז שמייסען דיא חסידים אין באָד אמגיד, אַבעל־דַרְשָׁה׳ר, אמוכיח, אז ער וויל נאר עפּים מוסר זאגען; אויב ער קומט נאך אפּ מיט שמייסען אליין, איז ער נאך אַפּריץ, אַבי מען זאל איהם נישט מאכען עפּים אַבלבול, אָנ־שטעלען אויף איהם עפּים אמופקֶרֶת אדער אקרימינאַל, גאט ווייסט וואס; דאַריבער ווייכען זייא דאס ווינקעל, וויא איין עכּו״ש.

**אורח** וואס דען טהוט למשל, דער עולם אום שבת, אום יו"ט ?

**ר' פייטיל** דיא פלעסקערם דיא חסידים טרינקען בראָנפען, טאנצען ביים רבין, אדער דארט וואו עס איז נישט דאָ קיין רבי, טאנצען זייא גלאט אין חסידים־שטיבעל, אין דיא בָּתֵּי־מִדְרָשִׁים; אונ דער פראסטער עולם געהט ארומ־פלוידערען; דענסטמאל איז דיא רעכטע צייט צו יאַבידען, כל הקלאָטנינעס ווערען דעמאָלט געמאַכט, כל הָרִשְׁעוּת, כל הבייזע זאכען! אֶפשר דיא אלט־פרענקישע יודען נאך, אדער עפּים עטליכע פראָסטאקעם—ליגען זייא זיך אין דער היים, צוליינט אויף דעם בעט, נאַזניק; מען עסט אַרבּים, מען שיילט ריבּען, מען לייענט „שבחי בעל שם טוב", מען זאגט אֶפשר תהלים אויך, מען געניצט אונ מעזינגט יָמִים־נוֹרָאִים־נגונים.

**אורח** אוי, געשעדיגט זאלט איהר ווערען! עס איז גאר פורים מיט אייך!

**ר' פייטיל** עס איז אבער אלץ אמת, גלויבט מיר, עס איז פונקט אזוי, עס פעהלט ניט אַהאָר!

**אורח** למשל, דער רבי זאגט קיין מאהל נישט עפּים מוסר? מילאָ תורה—קאָן ער נישט, שענק איך איהם!

**ר' פייטיל** ער זאגט דוקא תורה, צוויי מינוט צום שלש־סעודות, גרויסע סודות מהילה, עס קיצילט אַזש ביים פופּיק, נאר מוסר קיין מאהל נישט! וועלכער רבי זאגט מוסר? ער זאגט אמאָהל איונגען מאן, וואס קומט זיך בּענטשען, ער זאל געהן אין מִקְוָה אריין אונ זאל לייגען צוויי פּאָר תפילין, דער־צעהלט איהם, אז ער האט אהויכע נשמה, ער זאל תמיד פאהרען צו איהם, אונ זאל איהם געבּען אויף פדיונות; פּאר וואס, מיינט איהר, רופט מען זייא „גוטע יודען"? ווייל זייא זענען זעהר גוט... מען מעג עובר זיין כּל הָעֲבֵרוֹת שֶׁבַּתּוֹרָה, אַבִי גיט זייא געלד, וועללען זייא שווייגען... אונ אז זייא זאגען שוין אמאהל תורה, פארקריכען זיי אזוי ווייט, אז...

**אורח** וויא קומט צו זיי[illegible]זרה? וואו האבען זייא עס אָנגעצאַפּט?

**ר' פייטיל** זייא הערען אין הימעל מֵאֲחוֹרֵי הַפַּרְגוֹד; אמאל זאגען זיי, מען דער־לאנגט זייא אראפּ אהער, בּשעת שלש סעודות פון דעם עולם הָעֶלְיוֹן, אמאל פון דעם גַן עֵדֶן, וויא אווייבערשע רפואָה.

**אורח** טאַקי? וויא קומען זייא אין הימעל אריין?

**ר' פייטיל** סטייטש? ווער איז נאך אזוי אַ מהותן אין הימעל וויא זייא? זייא זענען דאָך דארטען גאָר אויסגעקאָכט, פשיטא! אפילו נגונים'ליך דערלאנגט מען זייא אראפּ פון דעם הימעל! ע־הע־הע! איהר זענט דאך גאר אַפריץ, ר' קרוב!

**ר' זרח** לאזט צורוה דיא רבּיים, זייא זענען שוין היינט אויך מחילה, נישט דאס חלעבּין טאקי בּייא דיא חסידים אליין! זייא רעדען זיך איינם אויף דאס אנדערע כּל הָרָעוֹת; דיא רעדען אויף זייער רעבּין, אונ יענע רעדען אויף זייער רעבּין, וואס מען רעדט נישט אויף קיין שום פּוֹשֵׁעַ ישׂראֵל! עס איז היינט דאָ כַּמָּה מִינִים חֲסִידִים אין אונזער מדינה, גאר גוזמאות, וויא בּיי אשוסטער קאָפּיטים,

פון כל מין: רוזשענער, טשערנאָבילער, סטרעליסקער, סאַווראַנער, מעזיבושער, קאָצקער לבקרים, אָסטריר, סטעפּינער, נישחיזער וואַרניטשקים, סטאָלענער, דאס לייגט זיך איינס אויף דאס אנדערע דיא שמד ארויף.

**אורח** מיר דאכט זיך, אז זייא זענען אלע גערעכט... פון וואס לעבען זיי אָבער ? ווער האלט זייא אוים ?

**ר' זרח** דאס שלעפט מען אלץ פון דעם, וואס איז כלומרשט אשטיקעל בעל הבית, אונ באמת האט ער אליין קיין תוך פרנסה נישט.

**ר' פייטיל** בודאי! וועלכער האט דען היא אגרונטאָוונע פרנסה ?

**אורח** בעונותינו הרבים, וויא יודען זענען היע אזוי פאר פיהרט געווארען, רחמנא לצלן, אין כל הזאכען! אונ דער אמת איז, מען איז זיי מבוזה ביי אומות העולם ערגער, וויא דיא ציגיינער, המבדיל! הש"י ווייסט צו וואס זייא קאנען ח"ו קומען!

**ר' זרח** אונ דערביי נאך דיא היינטיגע גענג מיט דעם היגען ברייטען פירעכטס, מוז מען טהון כל הפסלנות מען זאל קאנען נאָכטאנצען דעם נגיד.

**ר' פייטיל** איהר זאלט זעהן אביסעל, אַקבצן וואס האט נישט אטאָג איבער צו קומען מאכט אַחתונה; קיין נדן גיט ער נישט, ער גיט אַשעבוד אויף זיין אַקבצן, אונ קליידער מוז ער מאכען, פופצעהן פלאַטיעס, ער רייסט דיא ערד אונ—קבצינט; ער מוז מאכען אַשטערענטיכעל מיט אוירינגליך, אַשובע, אַסאַליפ פון ראַצי־מאָרע אונ נאך וועלכע שווארצע יאהר. אונ היינט חתן־מתנות, אשטריימיל, אסויבלין-היטעל, אטלית מיט שפּאַניר, וויים איך? מען וואלט געקענט דער פון האבען אגאנצע גאָספּאָדאַרסטווע: פעלדער, בהמות אונ שאָף...

**אורח** יאָ, פעלדער, בהמות אונ שאָף: באַ, באַ, באַ, וואס וואלט פאַק קשה געווען, אז מען זאל האבען פעלדער, בהמות אונ שאָף? אזוי וויא די תורה הקדושה האט געהייסען, אזוי וויא אברהם, יצחק, יעקב, אונ דיא שבטים האבען זיך נוהג געווען? משה רבינו, דוד המלך ע"ה אונ אלע אונזערע עלטערען אין אָרץ ישראל, אונ אפילו דער נאָך, אז מען האט זייא פאר טריבען אין פרעמדע לענדער, זענען זייא נאָר געווען אַקער־לייט, אונ האבען מגדל געווען בהמות אונ שאָף, אפילו אונזרע תנאים ואמוראים אליין האבען זיך אויך אזוי נוהג געווען; *) דיא גמרא הייסט נאך מען זאל ארבייטען אין פעלד, ווייל דער מענש האט דער פון זעהר איין ערליכען גראָשען, אונ קיין שום קנאה ושנאה, אונ דערביי גרויס פרנסה אין פראָסטען שטייגער, אונ דער ביי ווערט מען געשטארקט אויף אלע אברים, ווארום ארבייט שטארקט דעם מענשען זייער...

---

*) נישט צו פערגעסען, אז אין לעווינזאָהנ'ס צייטען האט מען זיך צו אונזערע עלטערען אנגעשלאָגען, אז זייא זאלען נעמען ערד אונ דאס איז געווען איינע פון לעווינזאהנ'ס אידעיען צו מאכען יודען פאר אַקערלייט. אצונד האבען זיך דיא אומשטאָנדע אביסעל איבער געביטען!...

# דיא הֶפְקֵר וועלט

## (צווייטער אבטהיילונג)

### וואס סיא טהוט זיך אויף יענער וועלט.

#### עטליכע ווערטער צו דער צווייטער אבטהיילונג „הפקר וועלט״

דיא צווייטע אבטהיילונג פון דער „הפקר וועלט״ איז אצייט מיט יאהרען געליגען בייא דעם מחבר פארשטיפט אונטערען ספאלעק פון דער סטעליו, אין זיין ארימאן שטיבעל, אין דער שטאדט „קצר עינים״ ביז עס האט זיך גימאכט א שריפה, אונ דער חבור איז אויך פערברענט געווארען, נור דיא אותיות זענען געבליבען, אונ האבען ארום גישוועבט אויף דעם עולם התוהו. האט מען זייא ענדליך מיט גרוים מיהע צוזאממען גענומען, אונ מיא האט זייא אפ־געדרוקט אונטער דעם נאמען: „דיא הפקר וועלט״ 2 טע אבטהיילונג דען דיא ערשטע אבטהיילונג איז שוין לאנג אפגעדרוקט געווארען. מיא זאגט אז דער חבור האט גאר אנאנדער נאמען, אונ איז געשריבען אויף חסידים לשון, אבער דער מחבר איז דער זעלבער.

(המביא לבית הדפוס.)



ווען דער בעל־מופת (מאַגנעטיזירער) איז געקומען, אונ מיר זענען נעגאנגען איהם מקבל פנים זיין, אין דער צייט וואס בייא דעם קראנקען וועלכען ער האט מאַגנעטיזירט, זענען זיך צוזאממען געקומען ביז אַפופציג פערשיעדענע מענשען פון אללע קלאססען! לומדים, חכמים, משכילים, סוחרים, בעלי מלאָכות, דַייַנים, חסידים, בַּטְלָנִים וכרומה, אונ דער קראנקער האט אָנגעהויבען ענטפערען אויף יעדער שאלה וואס מיא האט איהם געפרעגט, איז געבליעבען בְּהַסְכָּם כֻּלָּם אז מען זאל דעם קראנקען פרעגען וויא אזוי מען געשטראָפט דיא רשעים אין גהינם.

* * *

### דיא ערשטע ערשיינונג.

ווען דער בעל מופת האט געוואָרפען אַטיפען שלאָף אויף דעם קראנקען האט איהם איינער, וועלכען מיר האבען אויסגיוועהלט ער זאל פרעגען, אָנגעהויבען צו פרעגען אויף זיין קראנקהייט אונ טאַקי אויף דער רפואה צו זיין קראנקהייט, נאָך דעם האט ער איהם געפרעגט וואס סיא טהוט זיך אין גהינם. אונ אויב עס געפינען זיך דאָרט איינינע מענשען פון אונזער סביבה,

וועלכע זענען נים לאנג געשטאָרבען. דער קראנקער האט אָנגעהויבען צו דערמאָנען פיעל מענשען וועלכע מען האט געהאלטען פאַר גרויסע צדיקים, אונ זייא משפט־מען אצונד אין גהינם. אז מיר האבען דאס דער הערט זענען מיר זייער דער ציטערט געווארען, שטאַטש! זייא זענען דאָך געוועזן צדיקים! וויא זשע קומען זייא אין גהינם אריין? האט דער קראנקער געענטפערט: איהר האט שוין פארגעסען וואס דיא גְמָרָא דערצעהלט אונז פון אגעוויססען תַּנָא, וואס ער האט געקוקט אין דעם עולם הנשמות וויא איך היינט, ער האט געזאגט! „עולם הפוך ראיתי, איך זעה אַפארקעהרטע וועלט, עליונים „למטה, דיא הויכע זענען אונטען, ותַחְתּוֹנים למעלה, אונ דיא הינטערשטע „זענען אויבען".

דער רַבִּי, וואס איז געוועזן בעקאַנט אין זיין קהלה מיט דעם נאמען N פאר אצדיק, אחָסִיד אונ אבעל־מוֹפֵת, דער ווערט אין דער רגע געמשפט אין דעם גהינם התחתון, וועלכער הייסט אויך מיט דעם נאמען מְעָרַת הָרִצְפָּה (קוילען היילע) וועגען דיא קוילען וואס ברענען דאָרט שטענדיג, מען איז איהם דן מיט גרויסע יסורים, זיין קול געהט פון איין עק וועלט ביז דער אנדערער. בייא יעדען קלאַפּ אונ בייא יעדען ברענן, מאכט ער אויף זיך געדעכט דעם דין, אונ דערצעהלט פון אללע זיינע שלעכטע מעשׂים וואס ער האט געטהון, אונ ווען ער פערלייקענט עפּים, אדער ער פערגעסט פּשוט, דער מאנט איהם דער ספר הזכרונות. וועה איז מיר!—זאגט דער רבי—איך האב פערפירט דיא וועלט, תחלת מיט קלייניגהייטען אונ דער נאך אללע מאָהל מעהר, ביז איך בין געווארען בעקאַנט פיר אַגרויסען צדיק, אונ דיא וועלט האט אָנגע־הויבען גלייבען אין מיר, איך בין געווארען אגרויסער בעל־מופת אויך גאָר אַנביא, אז איך בין געוועזן נאך גאָר אַיונגער מאַנן פון אַיאהר ניינצען, איז מיר ארויף אויף דיא געדאַנקען איך זאלל פארפירען דיא וועלט, וויא אללע גוטע יודען וועלכע זענען געוועזן אין דער צייט. איך פלעג פאָהרען אויף שַׁבָּתוֹת ובפרט אויף ראש השנה פון איין רבין צום אנדערען, וויא אללע גרויסע חסידים, אונ וויא איך בין געקוממען אהיים האב איך נאָר טאָג אונ נאַכט דערצעהלט פון זייערע מעשׂים, זייער דאַוועגען, זייער שמוססען, זייער עססען, זייער רייכקייט, אונ דער גלייבען, וויא אזוי זייא פאָהרען ארוים שעהן אין דיא קאַרעטעס וכדומה, עס פלעגען זיך צוזאממען קומען צו מיר פיעל יונגע לייט צו הערען דיא נסים ונפלאות, אונ צו דעם אלעמען זענען זייא געקומען דוקא נים דורך דעם לערנען, נור דורך אנדערע זאכען. אונ ווייל איך האב נים געקענט שטארק נתגדל ווערען אין מיין שטאָדט, דאס הייסט איך זאל דאָרט אָנהייבען שפילען אַראָללע פון אַרָבִּין, מחמת מען האט מיך זייער גוט געקענט אונ געוויסט אז איך בין אַעם הארץ גמור, אונ בין נאך דער צו פון אַשענדליכע משפחה, דענן אלס קינד, בין איך געוועזן גאָר אַמְשָׁרֶת, אונ צו צייטען בין איך געוועזן אַשטיקעל בעל עגלה אויך בייא דעם רבין N... וואס איז געוועזן אגרויסער מפורסם בייא דעם המון־עַם, דאַרום האב איך מיר אויסגעוועהלט

אַקליין שטעטיל, וואס דארט איז ניט דאָ קיין לומדים קיין גרויסע עשירים אונ סוחרים, נאָר מענשען, וועלכע דורך זייער גרוים אָרימקייט זענען זייא אריין געטהון אין דער פרנסה, אונ פאַרשטעהן דיא וועלט זעהר וועניג. זייא האבען ליעב צו גלייבען אין כשוף בעשעפטיגען זיך מיט פיעל אנדערע נאַרישקייטען, זענען מאַמינים בני מאַמינים, אין אַזאַ קליין שטעטיל בין איך געבליבען זיצען, איך האב מיר גערונגען אַוואָהנונג ניט ווייט פון דער שוהל, אונ פלעג זיצען סגור ומסוגר. מיין דאַוועגען איז געווען מיט נגונימליך, גיפלעסקיט מיט דיא הענד. דאס גאנצע שטעטיל האט אָנגעהויבען פון מיר צו שמיסען. אללע מאָל בין איך געלאָפען אין בית־הכסא אריין, פון דאָרט גלייך אין מקוה אריין. אין קלויז בייא דעם דאווענען, האב איך געמאכט פיעל שהיות, בייא סעודת מצוה'לע האב איך דערצעהלט נסים ונפלאות פון דיא צדיקים אויך זייערע הַנְהָגוֹת,— ביז דער המון־עַם האט ארוים געזעהן אז אללע מיינע פהירעכצען זענען גלייך ממש צו דיא פיהרעכצען פון דיא גרעסטע רַביים. סיא פלעגען זיך צוזאַממען קומען צו מיר פיעל יונגע לייט וועלכע האבען אָנגעהויבען אין מיר אַשטיקעל אמונה צו האבען, ביז איך האב מיר שוין געמאַכט אַבעזונדערען מנין, ער האט געהייסען: „דער חסידישער מנין". אזוי בין איך געגאנגען פון איין מַדְרֵגָה צו דער אנדערער, ביז איך האב מיר געמאכט אַכנופיאָ מיט שָלש סעודותין, מיט נגונימליך, איך האב אָנגעהויבען צו זאגען אביסעל תורה. עס האבען שוין אָנגעהויבען צו מיר צו קוממען פערשיעדענע מענשען, דער מיט אַחולאַת, רחמנא ליצלן, דער מיט אַדבוק, דער פשוט וועגען עפים אַנגַבלה, אדער וועגען עפים אַבקשה צום פריץ, דער ווייל האט מען אָנגעהויבען ברענגען פדיונות, איך האב זיך אָנגעטהון אין ווייסען, אונ האב גערעווינט פון דעם סדור של האר"י זלה"ה, אונ מען האט מיך אָנגעהויבען צו רופען: רבי! דענצמאָל האב איך שוין אָנגעהויבען צו פאָהרען אויף דער וועלט. דיא ערשטע נְסִיעָה מיינע איז געווען אין דיא דערפער אריין, אז איך בין דורך געפאָרען דורך אַשטאָדט, האב איך באַלד אוים געטהון דיא ווייסע זיפיצע, אין שטאָדט האָב איך זיך וועניג געזאמט. מיט מיר זענען שטענדיג געפאָהרען צוויא יונגע לייט, בלוימערשט טאַקי גבאים, זייא האבען באלד בעקאַנט געמאַכט דעם אָרענדאַר מיט מיינע מופתים. אזוי האב איך זיך נוהג געווען כמה שנים, ביז איך בין טאַקי געוואָרען דער גרויסער מפורסם, אין אללע דאָרפער אונ אין אללע קליינע שטעטליך, ניט ווייט פון דער שטאָדט וויא איך בין געזעסען. אז איך פלעג קומען אין אקליין שטעטיל, האט שוין דער שוחט באלד געבראַכט דעם חַלָף, אז ניט, האב איך איהם באַלד מַעביר געווען פון שחיטות, פיעל יונגע לייט האבען אָנגעהויבען פאָהרען צו מיר אויף שבת אויך ראש השנה. דורך דעם האט דאס שטעטיל אָנגעהויבען צו האבען פרנסה, אונ דאס האט זיך אָנגעהויבען צו הערען אין דיא קליינע שטעטליך אַרום אונ אַרום, אונ מען האט אָנגעהויבען צו דער צעהלען פון מיר נסים ונפלאות, דהיינו: איך הייל אללע קראַנקהייטען אין דער וועלט, איך מאַך רייך אָרימע לייט, איך בין אַמַתִּיר אסירים, אונ

מאַך בלינדע זעהענדיג, וכדומה, דענצמאָל האט מען שוין פון גאנץ וויט אָנגעהויבען צו פאָהרען צו מיר, אונ איך בין זייער גרויס געוואָרען, אויך מיינע מְשַמְשִים, דער חזן, דער סופר, דער גבאַי, דער שוחט וכדומה האבען אָנגעהויבען דורך מיר גרויס צו ווערען. מיינע מופתים, מיט פיעל גוזמאות זענען דורך זייא פערבּרייטעט געוואָרען, אז אפילו אין דער שטאָדט וויא איך בין געבאָ־ען געוואָרען, האט שוין אָנגעשפּאַרט מיין גרויסער נאָמען, יונגע לייט אויך פיעל ווייבער האבען געגלייבּט אין מיר, ובפרט אז אללע דיא וועלכע האבען מיך גע־קענט פון פריער זענען כמעט אויס געשטאָרבען, דארום האבען פיעל פון מיינע מתנגדים מיט געוואַלד געמוזט נאָך זאגען: אָמן. איך האב זיך אויסגעסטאַרעט אז אין אייניגע שטעט זאל מען מיר בעשטימען אַשטענדיגע פענסיע, (קצבה קבועה) יעדעס יאהר, אונ איך זאל בייא זייא הייסען „דער שטאָדט מגיד". איין מאָהל אין יאהר האב איך געמוזט דאַווינען אין איינע פון דיא שטאָדט, אות איך האב זיך אָנגעהויבען צומישען אין אללע שטאָדטישע זאכען וואס סיא איז נוגע צו הוצאָה והכנסה. אז איינער האט מיט דעם אַנדערען געהאט עפּיס אלאָדיניש, איז ער צו מיר געקוממען, אויף דער אַרט האב איך אָפּגענוממען מעהר אלס פערציג שטאָדט גרויסע אונ קליינע, אַנאנדער גוטער יוד האט אין מיין גבול ניט געטאָרט אריינקוממען, אונ אויך קיינער פון מיינע חסידים האט ניט געטאָרט פאָהרען צו אַנאנדערען רבּי אויף שבת אָדער ראָש השנה, ווער שמיעסט פּדיונות געבען, אַוודאַי ניט, בייא דעם האב איך זיך געסטאַרעט, איך זאל ווערען גבּאַי פון אֶרץ ישׂראֵל, אונ דאס גאנצע געלד איז צו מיר אריין געפאַללען, ווער עס האט בעדאַרפט פאָהרען קיין אֶרץ ישׂראֵל, אפילו פון מיינע מתנגדים רבנים אונ גרויסע מיוחסים וכדומה האבען זיך געמוזט מכניע זיין אונ ליגען מיר צו מיינע פיס. וועה איז מיר! איך האב פאַרפירט דיא וועלט, אונ האב גורם געווען פיעל אומגליקען פיר אייניציגע מענשען אויך פיר דעם כלל ישראל, מיין בעטרוג אונ פאַלשקייט האבען גאָר קיין גרונד ניט. דורך מיינע חסידים בין איך מפורסם געוואָרען אז איך בין אין הימעל זייער אַגרויסער חשוב, דאָרט ווערט קיין שום זאך ניט געטהון, ביז איך בין דרויף ניט מַסכים. אַמאָהל האבען זיך פיעל רבנים אויך גרויסע גבירים פון מיין מדינה, פערזאמעלט וועגען זייער אַוויכטיגען ענין לטובת כלל ישראל, אונ האבען געוואָלט שיקען אַדעפּוטאַציע לקרית מלך רב. האב איך זיך דענצמאָל אָנגערופען מיט אַגעשרייא: וואס האבען זיך עס צו מישען אזעלכע שוטים אין דער זאך? איהר ווייסט דענן ניט אז אָן מיר, טאָר קיין שום זאך ניט געטאָהן ווערען! אונ ווען איך בין ניט מסכים אויף עפּיס אַ גזֵר אין הימעל, וועט דער פון גאָר ניט זיין אייף דער ערד. ביז וואַנען וועט איהר אין מיר ניט גלייבען? מען דאַרף קיין שום זאך ניט טהון. זעהט נור גיבט פיעל פּדיונות מיר, מיין מחותן... אויך אַנדערע גרויסע גוטע יודען וועלכע איך וויים, וועל איך בוודאַי מבַטֵל זיין אללע גזֵרות. דיא סנדקאות, וועלכע האבען געהערט צו דעם רב פון מיין שטאָדט האב איך צו גענוממען, האָטשי ער איז געווען אגרויסער לַמְדָן אונ

א יְרֵא שָׁמַיִם, איך האב זיך געסטאַרעט, אז ראַטמענים מיט פרנסי־חרשים וכדומה זאל מען דוקא וועהלען נור פון מיינע חסידים, בכדי איך זאל האבען מעהר שטארקהייט אונ תקיפות, חאָטשי זייא זענען געוועזן רשעים גמורים, זייא האבען געראַבעוועט אונ געגזלת, אונטערדרוקט אָרימע לייט, אונ זייא האט מען געהאלטען פאר כשרע יודען. איך האב זיך געסטאַרעט, אז רבנים, מורי־הוראות אונ מגידים זאללען דוקא נור זיין פון מיינע מקורבים, חאָטשי זייא זענען געוועזן גרויסע עמי הארצים, (גראָבע יונגען) כדי זייא זאללען פאַרגרעס־סערען מיין כבוד, אונ דאס פאָלק זאל פאר מיר מורא האבען. דער עיקר פון מיינע דרשות איז געוועזן, אז עס איז מעהר מצוה צו דערצעהלען מעשׂיות מיט נסים פון גוטע יודען, איידער צו לעהרנען תורה. אויף דיא, וועלכע זענען געוועזן פון מיר פון וויטען, פלעגען מיר קיין געלט ניט געבען, האב מטיל אֵימה געוועזן, איך האב זייא געזאגט אז זייא וועללען אָרים ווערען. אונ בכדי מיינע ווערטער זאללען מקוים ווערען, פלעג איך דורך מיינע מענשען שיקען, זייא זאללען אונטערצינדען זייערע הייזער אָדער געוועלבען, דורך דעם זענען אלע מיינע מתנגדים געווארען מיינע חסידים, אונ האבען שוין גיציטערט פאר מיר. מיינע אַנהענגער זענען תמיד געוועזן זיכער אין זייער פרנסה, דער איז געווארען אַקהל'ס שרייבער, דער אַנאָמן אין דער טַכסאָ, דער אַחזן אַסופר וכדומה. אונ דיא רבנים מיט דיא גרויסע מגידים אונ לומדים וועלכע האבען געקריגט מיט מיר, דענן זייא האבען געוויסט, אז איך בין אַגראָבער יונג,—מיט זייא האב איך זיך אַנדערש אָפגערעכענט, איך האב אויף זייא אויסגעטראכט פאלשע בלבולים, אונ אַשלעכטען שֵם דורך פאלשע עדות, וכדומה. איבער דעם האבען זייא געמוזט אָנקוממען צו מיר, אונ זענען געווארען מיינע גרעסטע אַנהענגער. אז דאס פראָסטע פאָלק האט געזעהן אז דיא גרעסטע לומדים אונ מגידים מופלגים וועלכע זענען בעקאַנט אין דער וועלט, האבען אויך אָנגע־הויבען גלייבען אין מיר.—האט עס זיך נאָך מעהר געשטאַרקט אין זייער אמונה צו מיר, אונ האט זיך נאך מעהר פאַרגרעסערט.

ווענן איך האב געוואלט פאָהרען אין אַשטאָדט אריין, וויא עס געפינען זיך רייכע מענשען, וויא איך קענן נעמען גרויסע פדיונות,—האב איך געשיקט מיינע מענשען, זייא זאָללען מפרסם זיין מיינע מופתים אונטער דעם המון־עם מיט דיא ווייבער, מיינע מענשען פלעגען שוין דאָרט אויפזוכען איינינגע בטלנים, וועלכע הייסען אויך ערליכע יודען, דורך זייא פלעג איך פון דער שטאָדט בעקוממען בריפפע מיט גרויס כבוד, בפקודת אללע גרעסטע בעלי בתים פון דער שטאָדט, אז זייא פערלאַנגען דורך אויס פון מיר איך זאָלל אהין קוממען, אויף אַשבת'יל דאַווינען, אונ מיינע לייט פלעגען שוין מאַקי געהן ארום פון שטוב צו שטוב צונויף נעמען חתימות אויף דעם בריעף, אונ דורך דיא ווייבער, האבען זייא געווירקט אויף אללע מאָננער פון דער שטאָדט כמעט, אז זייא זאָללען זיך חתמינען. אזוי האבען זייא געזאַמעלט פיעל חתימות אונ האבען מיר געשיקט דורך מיינע מענשען. זייא האבען מיר ערקלערט

אללעס וואס עס קומט פאָר אין דער שטאָדט, ווענען אללע גרויסע נגידים מיט זי'ערע ווייבער און קינדער, זייער מַעֲמָד, מיט אללע זייערע עסקים, ווער עס האט פון זייא קיין קינדער ניט, ווער סיא איז קראנק, ווער סיא האט דיא שלעכטע זאך וכדומה, און נאך דעם אז זייא האבען מיר שוין אללעס דייטליך דערצעהלט, בין איך אריין געפאָהרען אין דער שטאָדט, דענצמאָל איז מיר שוין גרינג געוועזן צו זאגען יעדען מענש, וועלכער סיא געקומען צו מיר, וואס עס האט זיך איהם געטראָפען, נאך בעפאָר ער האט מיר געזאגט וואס ער דאַרף. דאַנן בין איך זייער גרויס געוואָרען, און מען האט מיך גע־האלטען פיר אַ גאָטטליכען מאַנן (איש אלהים). אויף אזעלכען אופן, האב איך אָפגענוממען אללע גרויסע שטאָדט.

אללע גוטע יודען האבען אויסגעזעהן קליין בייא מיר אין דיא אויגען, נור איך האב זייא ניט פערפאָלגט אויך ערנידריגט לויט וויא איך האב זיך נוהג געוועזן מיט דיא רַבָּנִים און מַגִידִים, דאַדורך ווייל זייער גאנג איז מיר גע־פעללען, זייא האבען זיך אויך געפירט וויא איך, און דאס פראָסטע פאָלק איז אין זייא געוועזן פערגלייבט וויא אין מיר. און ווען איך וואָלט זייא מְבַטֵל געוועזן, און וואָלט געזאגט אז זייא זענען קיין גוטע-יודען ניט, וואלט דאס פראָסטע פאלק אין מיר אויך מסופק געוועזן, איך פלעג נור זאגען שטיללערהייט: אמת ער איז אַ צדיק, אָבער ער איז נאָך ניט אויף אַזאַ מַדְרֵגָה וויא איך, ער איז אַ ריינע בהמה, דענן ער האט ניט קיין פערשטאנד, און ווען איינער פון זייא איז געשטאָרבען, האב איך איהם געמאכט פאר אגרויסען צדיק, און האב אויף איהם געזאגט אז ער איז גאָר אַ קָדוש, מַחֲמַת איך האב דאָך געוויסט אז נאך זיין טויט קאָן ער דאָך מיר שוין גאָר ניט שאַטען, ניט אין כבוד ניט אין פרנסה. און פון דעסטוועגען האב איך אויסגעקליבען נאך בייא זייער לעבען איינעם אָדער צווייא פון זייא, ווענן איך האב בעדאַרפט אַ שדוך טהון, אי דאס פון גאנץ וויט, ער זאל מיר אין דער פרנסה ניט אריין קריכען, ער זאל ניט ווערביוועזן מיינע מענשען, און וועט נאָך וועללען אריין פאָהרען אין מיינע שטאָדטליך, און אָפנעמען מיין קאַנט. איך האב שטענדיג מְקַרֵב געוועזן דיא מוסרים (דאָנאָשיציקעס) מיט דיא פאַקטורים, כדי איך זאל האבען תקיפות בייא זייערע ארונים, אין אללע זאכען וואס מיר וועט טויגען. און ווען מען האט מיך געפרעגט פאר וואס איך בין זייא מְקַרֵב, זייא זענען דאָך רשעים גמורים? האב איך זייא געענטפערט: ווענן איך זאל דיא פון מיר מְרַחֵק זיין, וואלטען זייא נאָך ערגער געוועזן, און אמאָהל פלעג איך זאגען אז זייא האבען גרויסע נְשָׁמוֹת, און איך סטאַרע זיך איך זאל זייא מַחֲזִיר למוטב זיין; אין אמאָהל האב איך געזאגט דעם פסוק: „אַל תִּתְחַר בְּמְרֵעִים”. רייץ ניט אויף דיא שלעכטע, און ווענן איינער פון דיא מוסרים האט דאָנאָסירט אויף איינעם פון מיינע מתנגדים, האב איך געזאגט אז ער איז אַ שליח פון דער הַשְׁגָחָה, כדי ער זאל איהם מַחֲזִיר למוטב זיין.

ווענן איך בין נאך געוועזן אין דיא מיטעלע יאָהרען, און בין נאך ניט

געווען אזא מפורסם, פלעג איך זיך נוהג זיין, אז איך בין געקוממען צו אמוכסן (ארענדאר) א גביר, וואס האט געהאט קינדער, אונ איז געווען א גראבער יונג אויך, האב איך שוין געזאגט מיינע מענשען, זייא זאללען איהם קלאר מאכען פון מיין גרויסקייט, מיט טויזענדערלייא שקרים, אונ איך וועל זיך מיט איהם מִתְחַתֵּן זיין, דענן אזוי האט מען מַכְרִיז ומודיע געווען אויף דעם הימעל, וויא דיא גמרא זאגט: ארבעים יום וכו׳, ווענן דער מוכסן האט געהאט אזוהן, האב איך געזאגט אז בייא מיר איז דא אטאכטער, אונ אזוי פארקעהרט, ביז עס איז געקוממען דער צו אז מען האט געשריעבען תְּנָאִים, איך האב דער ווייל גענוממען געלט אין בייטעל אריין אויף פיעל מַתָּנוֹת פיר דעם חתן אדער פיר דער כלה, אונ דער נאך אז איך בין געקומען אהיים, האב איך דעם ארענדאר געשריעבען אז דער חתן אדער דיא כלה איז געשטארבען, דער ווייל זענען זא מתנות מיט דעם געלד בייא מיר געבליבען. אונ ווענן דער מוכסן האט קיין קינדער ניט געהאט, האב איך זיך מיט איהם נוהג געווען וויא מיט אללע עשירים וועלכע זענען געווען חשוכי בָּנִים (בעזיריעטניקעס) ביז מיין שטארבען פלעגען פאהרען צו מיר פון דער גאנצער מדינה כמעט, דיא אללע וואס האבען ניט געהאט קיין קינדער, איבערהויפט ווייבער, אונ איך פלעג פון זייא דיא הויט אפשינדען דורך דיא גרויסע פדיונות מיינע מיט מזומנים, אויך וועקסלען פלעג איך אויך נעמען, איך האב על פי רוב גענוממען מעהר פון אללע גוטע יודען אין מיין מדינה, הונדערט קערבליך איז בייא מיר געווען גאר אקליינע מטבע. איך פלעג גוזר זיין אויף דיא לייט, דיא מאננער מיט דיא ווייבער אז זייא זאללען אפט קוממען אויף שבתות, אונ ימים טובים, כדי זייא זאללען הערען מיין קידוש אונ הַבְדָּלָה, וועלכעס עס איז אגרויסע סגלה צו קינדער האבען, ובפרט אויף ראש השנה צו קריאת התורה: „וה׳ פָּקַד את שרה" אונ האב דער ווייל בייא זייא גענוממען אללע מאהל פדיונות. עס איז נאך ווענינ וואס איך האב פארפיערט זייער פיעל מענשען בייא מיין לעבען, איך פערפיער זייא נאך נאך דעם טויט; איבער דעם לייד איך דא אזוי אצונד, אונ ווער געמשפט מיט גרויסע יסורים פיר מיינע חטאים וואס איך האב גע־זינדיגט בייא מיין לעבען.

אז סיא געקוממען דיא צייט פון מיין שטארבען, איז דיא רביצין מיין ווייב מיט דיא קינדער אריין געלאפען צו מיר אין מיין צימער מיט אגרויס געוויין אונ געשרייא, —„וואס וועט-ווערען פון אונז אז דוא וועסט שטארבען",— „האט דיא רביצין געזאגט, וויא וועללען מיר נעמען דיא געשמאקע מאכלים „מיט דיא זיסע געטרענקע? ווער וועט אונז בעקליידען מיט טייערע זיידענע „קליידער, וויא מיר זענען געוואונט געווען?" דיא ווערטער זענען מיר אריין אין הערצען, אונ איך האב אויף זייא רחמנות געקריגען, אונ האב אנגעהויבען צו צוטראכטען עפים אמיטעל, איך זאל זייא בעווארענען נאך מיין טויט. איך האב צוגערופען צו זיך מיין עלטערען זוהן, אונ האב איהם געזאגט: הער נאר צו מיין זוהן וואס איך וועל דיר זאגען פון דיין טובה וועגען. איך קענן

דיך גאנץ גוט, דוא האכט אַלדינג געטהון וואס דיין הארץ האט געגלוסט, האסט ערפיללט דיינע תאוות, בייא דיין עססען אונ טרינקען, אויך זיך אָפּ צוגעבען מיט זונות וכדומה אנדערע מיאוסע זאכען, מיט איין וואָרט, דוא האסט זיך זייער שלעכט אויפגעפיהרט. בייא מיין לעבען האב איך מְחַפֶּה געוועזן אונ צו געדעקט דיא אללע זאכען, אונ ווען מיינע מענשען האבען מיך געפרענט פאר וואס דוא געהסט אין שלעכטען וועג, האב איך זייא געזאגט, אז דוא ביסט אַ פערבאָרגענער צדיק, דוא נאַרסט דיא וועלט, דענן עס איז נאָך ניט דיא צייט אז זאלסט נִתְגַלָה ווערען, איך בין אין דער יוגענד אויך געוועזן אזוי, נור נאך מיין טויט וועט איהר פון איהם זעהן וווּנדערליכע זאכען. אזוי האב איך זייא געענטפערט, זעה זשע מיין קינד, דוא ביסט דאָך קיין נאַר ניט, אונ פערשטעה, אז מען וויל זיך מאכען אַ שעהנעם נאָמען, אונ אז מען ווילל אויך געלד פערדיענען אונ שעהן לעבען, מוז מען זיך מאַסקירען-פאר דעם פראָסטען פאלק, דאס הייסט מען מוז שווינדלען, אונ זייא פארדיללען דיא קאָפּף, זייא זאללען ניט וויססען קיין אונטערשייד פון רעכטס צו לינקס, דארום מוזט דוא מיין קינד פון היינט אָן זעהן אז זאלסט נהפך ווערען לאיש אַחר, דאס פאלק זאל מיינען אז דוא ביסט טאַקי אַ אֶמתֶר צַדִיק: אללע אונ דערפריא זאלסטו זיך טובלען אין דער מִקְוֶה. זאלסט דאווענען בהתבודדות, דאס הייסט איינער אליין, אין אַ בעזונדער שטיבעל. זאלסט זיך שטארק שאָקלען,ביים דאַווינען, אונ זאלסט פלעסקין מיט דיא הענד, אויך מיט אַ נגונ'דיל, אזוי וויא איך פלעג זיך נוהג זיין. צו צייטען האב איך געזאגט אביסעל תורה בייא דעם שַׁלִיש סעודות, זאלסטו אויך אזוי טהון. זאלסט זיך ווענדען צו איינעם וועלכער זיצט ביים טיש, ער זאל דיר זאגען עפּיס אַפּסוק פון דער סֶדְרָה, אונ אויף דעם פסוק מעגסטו דַרשענען וואס עס וועט דיר אריין קומען אין מויל אריין, דיינע וואֶרטער מעגען זיין גאָר אונפערשטענדליך, זייא וועללען אללע דענקען אז דוא זאגסט סִתְרֵי תורה. צו צייטען מעגסטו בשעת תורה זאגען, פאַללען אויף דער האַנד, אונ שווייגען וויא דיא וואַנד, גלייך וויא דיא נשמה איז דיר ארויס פון דעם גוף, דיא מענשען וועללען מיינען אז דיין נשמה איז ארויף אויף דעם חימעל, דאס הייסט אויף גוטיודיש לשון: „עליית נשמה“. ווענן דוא וועסט אזוי טהון, וועסט דוא זיין גליקליך אונ רייך, וועסט פאָרען אין דער קאַרעטע אונ וועסט דיר מאכען אגרויסען נאָמען אויף דער וועלט. דארום זאג איך דיר אָן למה"ש אז זאלסט דיין תורה זאגען נור אויף אַזאַ אופן, לאָ-דַי וואס דער פראָסטער עולם וועט ניט וויססען אז דוא ביסט אַ גראָבער יונג, דוא וועסט נאך מעהר געפעללען. זעה נור לְמָשָׁל ווענן עס דַרשית עפּיס אַ רָב אדער אַ מגיד פון דיא לומדים, וואס זענען קלאָר אין מִדְרָשִׁים, גמרא, אַגדות וכדומה, פאַרשטעהט דאָך דער פראָסטער עולם כמעט גאָר ניט וואס זייא זאגען,—אבער בייא אונזערע דרשות איז דאָך דער לַמְדָן מיט דעם גראָבען יונג גלייך. ווענן דוא וועסט אַמאָל זאגען מוסר דעם עולם, זאלסטו זעהן אז דער אינהאלט פון דעם ענין בכלל זאלל זיין נור וויא אזוי מען דאַרף מורא

האבען פאר גאטט, פרום דאַוונען, אונ נור דורך דעם קאָנן דער מענש קוממען צו אַהויכער מַדְרֵגָה, אבער ניט דורך דעם לערנען, דאס פיהרט צו גאר ניט,— דורך דעם ווערסט דוא בעקוממען פיעל כבוד אונ ווערסט פון דעם פאלק גע־שעצט זיין. דיין מוסר-זאגען זאל ניט זיין וויא דיא רבנים אונ מגידים, וואס זייער מוסר באשטעהט אין דעם אז מען זאל ניט בעטריגען איינער דעם אַנ־דערען, זאללען האבען אַ גערעכטע וואָג אונ מאָס, זאללען כשר פערדינען אַ קערביל, זאללען ניט נאך געהן נאך דיא מאָדעס, זאללען ניט טראגען קיין טאַייערע מלבושים אונ פעריל, זייא זאללען ניט פעקלין קיין סחורה פון אויס־לאנד, דיא בעלי מלאָכות זאללען זיך אָרענטליך באַשעפטיגען מיט זייער ארבייט, צו צייטען זאגען זייא אויך מְשָׁלִים וועלכע קריכען אריין אין דער לעבער, — פון אזעלכע דרשות זאלסטו זיך היטען. אויך מיט דעם טהוען זייא, דיא דרשנים, זייער נאַריש וואס זייא מאכען אויפֿמערקזאַם דעם עולם וועגען לערנען מיט קינדער, זייא פערשעמען דיא מלמדים מיט זייערע דרשות, איך וויים אבער דעם אמת, אז נור דיא מְלַמְדִים זענען דער עיקר אין דער זאך, דיא מלמדים זענען אָנגענוממען בייא דעם פראָסטען פאלק ובפרט בייא דיא וויבער, מען האלט זייא פאר ערליכע יודען, טאַקי נור דיא מלמדים קעננען דיר פיעל באַהילפיג זיין, דיך צו לויבען אימעדים. זאלסט ניט קוקען אויף דיא דַרְשָׁנִים וועלכע שטראָפען דיא סבאָרישיקעס מיט דיא ראַטמענעס, וכדומה דיא אנדערע בעלי התמנות (אַמט לייטע) מיט דיא נגידים, אז זייא זאללען ניט ראַבעווען דיא אָרימע לייט, זאללען אויף זייא ניט ארויפוואַרפען פערשיעדענע נעדאָימקים, אונ דיא נגידים אלליין זענען פטור דער פון. זייערע דרשות בכלל בעשטעהן נור אין דעם, מען זאלל ניט נאך יאָגען נאך געלט אויך כבוד, וואס דאס רוב פאלק גליסט זייער נאך דיא זאכען. דוא אבער מיין זוהן, מייד אוים דעם וועג, פון דיר זאלל מען ניט הערין אזעלכע דרשות, ווענן דוא ווילסט אז מען זאל דיך ליעב האבען, אונ מען זאל האלטען פון דיר, אַדְרַבָּא! זאלסט נור תָּמִיד נאָכגעבען אונ האלטען מיט דיא תקיפים פון דער שטאָדט, דיא נגידים זאלסטו אָפגעבען כבוד אונ דיא אללע ממונים (בעאַמטע) זאלסטו פאָטשעטאַיען, דיא ראַטמינעס מיט דיא רָאשֵׁי הַקָּהָל, אָטדראַטשיקעס, וועלכע געבען אפּ (רעקרוטען) בעלי-טאַקסים, אָטקופצעקים, צעכמייסטערס וכדומה, זאלסט דוא תמיד אַדורש בשלומם זיין, אונ זאלסט פערלאַנגען נור זייער טובה. אויך פון דיא פאַקטורים זאלסט דוא ניט זיין פון וויטען. זאלסט זייא מְקָרֵב זיין, דענן דורך זייא ווערסט דוא בעפעסטיגען דיין בעשטאנד, ווערסט צונויף נעמען פיעל געלט, אונ ווערסט האבען גרויס כבוד, ווערסט אללע מאהל גרעססער וואקסען. וויא וויים דוא ווערסט נור קעננען, זאלסט דוא–אונטערדריקען דיא לומדים אונ דיא משכילים וועלכע פערשטעהן עפיס אחכמה, זאלסט זייא פערפאָלגען אונ מאכען אויף דיא פערשיעדענע בלבולים. ווענן איינער וועט דיך פרעגען אַ עֵצָה, זאלסט דוא זעהן אז ער זאל פאר דיר מִתְוַדֶה זיין אללע זיינע זינדע, דורך דעם ווע

ער שוין פאר דיר תּמיד מורא האָבען, אונ וועט דיר זיין תּמיד אַ נְכָנָע.

ווענן איך האב גערעט דיא וואָרטער, דאס הייסט ווענן איך האב צוואָה געלאזט, זענען אריין געקוממען צו מיר פיעל מענשען, דיא גראָסטע פון דער, שטאדט, פיעל אָרימע לייט זענען זיך צונויף געקוממען, כמעט דאס גאַנצע שטאָדטיל, דענן אין שטאדט האט מען געשמועסט אז איך בין שטארק קראנק, רענצמאָל בין איך גאר אַנשוויגען געווארען, אונ האב דיא אויגען צוגעמאכט, אזוי בין איך געליגען אַשעה. דער נאך האב איך מיט אַמאָהל אַגישרייא געגעבען: „לאזען אללע ארויסגעהן, עס זאללען נור בלייבען מיינע אֶמיתע „חסידים, מען זאל אנידער שטעללען זיבען שטיעללען פיר דיא זיבען אושפיזין „(געסטע) וועלכע זענען מיך געקוממען מְבַקר חולה זיין! איהר זעהט זייא דענן ניט?" דיא מענשען וועלכע זענען געבליעבען אין שטיב, האבען זיך זייער דער שראָקען.—„ברוך הבאָ אברהם סָבָא קדישא!—האב איך געזאגט;—„בָּרוך הבא יצחק, יעקב, משה, אהרן, דוד ושלמה! צו וואס זענט איהר געקוממען צו מיר איהר קדושי עליון? וואס האט איהר זיך בעדארפט מטריח זיין, איך וועל דענן אם גיכסטען ניט קומען צו אייך? ווענן איהר זענט באמת גוזר אויף מיין זוהן, ער זאל מְמַלֵא מקומי זיין, קאנן איך אייער בעפעהל ניט איבער טרעטין, ובפרט אז איהר האט איהם געבראכט אַזאַ ריינע נשמה, נור איך דארף נאָך פרעגען דיא ראָשי הקהל, אויב זייא זענען מַסכים דער צו". דיא אללע מענשען, וועלכע האבען דערהערט מיינע לעצטע ווערטער, זענען זייער דערשראָקען געווארען, אונ האבען מיט איין קול אויסגעשריגען: „לאז אונזער נייער רַבִי לעבען, יחי המלך!" רענצמאָל האב איך זיך געווענדעט צו מיין זוהן, אונ האב געזאגט: „זעה מיין זוהן, עס איז שוין געקוממען דיא צייט אז זאלסט נִתְגַלה ווערען, אונ זאלסט שוין מעהר ניט בעהאלטען דיינע גוטע מעשים, וויא דוא האסט זיך ביז אַהער נוהג געוועהן. פון היינט אָן מיין זוהן, זאלסט דוא ווערען אַנגוטער יוד אונ אַרבי, נאָך מיין טויט וועל איך דיך אָפט בעזוכען, אונ דיא פישקע, אין וועלכער מען האט אללע מאָהל געוואָרפען פדיונות, זאלל מען וויטער אויך אזוי טהון. יעדער זאל שרייבען זיין בקשה אונ זאל דיר געבען, אדער דיא קוויטליך זאל מען גאָר ווארפען אין מיין קֶבֶר. אללע עֶרב ראש חודש אלול, זאלסט דוא קוממען אויף מיין קבר, אונ זאלסט מיר דער ציילען פון דיא אללע סודות וואס יעדער וועט דיר איבער געבען. פון דעם פדיון-געלט זאל מען קויפען בוימעל, אונ עס זאל ברענען שטענדיג אויף מיין קבר אַ נר-תָּמִיד, טאָג אונ נאכט, אונ דאס איבריגע זאלל זיין דיין מאמען אויף פרנסה".

אין עטליכע טעג ארום בין איך געשטאָרבען"...



אין דער רגע—דער ציילט דער קראנקער—זענען געקוממען דרייא מַלְאָכֵי-חַבָּלָה אונ האבען דעם רבי N פון דעם ברענענדיגען פייער ארויס געחאפט,

און האבען איהם אריין געווארפען אין אַגריעב, וועלכער הייסט: בּוֹר הַקְּרַח" (אייז גרוב) ווייל ער איז שטענדיג פילל מיט שנעה און אייז, דער גריעב איז טיעף, צוויא טויזענד יאהר דויערט ביז מען קומט צום גרונד. „עס האט זיך געמאכט אמאָהל—דערציילט דער רבי וויטער—אין דיא טעג פון חודש טֵבֵת, האט אַפּאָדראַציג, איינער פון מיינע חסידים, געמאכט אַקאָנטראַקט מיט אַ פּאָלקאָווניק, ער זאלל שטעללען מעהל פיר דיא סאָלדאַטען, אין אצייט פון זעקס וואָכען, דער ווייל איז דער וועג זייער שלעכט געווארען, ניט מיט דער אַקס, ניט מיט קיין שליטטען; בייא דעם פּאָדראַדישיק האב איך פערלאַנגט אויף אַפּדיון צוויא הונדערט רובל, איך זאל איהם געבען שנעה מיט קעלטין, דער פּאָדראַציק האט מיר געגלייבט, און האט מיר געגעבען דאס געלט וואס איך האב פערלאַנגט. עס איז אוועק געגאַנגען אַ טאָג 8 ניט דאָ קיין שנעה, דער פּאָדראַציק איז געקומען צו מיר מיט ביטערע טרערען, האב איך איהם געזאגט ער זאלל דער ווייל אָנגרייטען שליטטען, דער פּאָדראַציק האט מיך געפאָלגט און האט געוואַרט נאך עטליכע טעג, נור עס געהט אלם קיין שנעה ניט, נור רעגען מיט בלאָטע, ער האט אזוי לאנג געוואַרט, ביז עס איז גע־קוממען דיא צייט, און דער פּאָלקאָווניק האט דערזעהן אז ער האט דאס מעהל צו דער צייט ניט געשטעללט, האט ער קאָנפעסקירט זיין גאַנץ פערמעגען, און דערצו נאך איינגעזעצט אין אָסטראָג אריין, דער נאך האט מען איהם פערשיקט פּאָסילעניע. ווענן מיינע חסידים האבען מיך געפרעגט: וויא קומט עס, אז עס זאלל אזעליכעס געשעהן? האב איך זייא געענטפערט אז דער פּאָדראַציק איז אגרויסער בעל עֲבֵרִינִיק, און איבער דעם זענען דיא שָׂרִים פון אויבען פערביטען געווארען; דער שׂר פון שנעה איז פערביטטען געווארען אויף דעם שׂר פון רעגען, און ווענן איך האב געבעטען אויף שנעה, איז געגאנגען פיעל רעגען, אַבעוויז איז, אפילו דער לוח הקדוש האט אויך געשריבען אויף שנעה מיט קעלטען, און עס איז דאָך געגאנגען רעגען, אין דעם איז אלץ דער פּאָדראַציק שולדיג, דענן דורך איהם איז געווארען אַ פערענדערונג אין דער פְּמַלְיָה שֶׁל מַעְלָה.

בייא איינגע בעלֵי־בָּתִּים אין מיין שטאָדט האב איך צו גענוממען דיא פרנסה, מיט דעם וואס איך האב געהאלטען דיא אַרענדי פון בראָנפען, בין געוועזן אַבעל-טאַקסע אויך, פערקויפט הייוען, ביער, לעכט, מעהל וכדומה, דאס האב איך אלץ אויסגעפירט דורך מיין ווייב מיט מיין זוהן, אזוי האב איך צו גענוממען דאס ברויט בייא פיעל מענשען.

עס האט זיך געמאכט אמאָהל, האב איך צו שיקט בריעף אין אללע נאָהינטע שטאָטליך, אז מען זאלל קוממען אויף מיין הִסְתַּלְּקוּת, דאס הייסט: ווענן איך וועל שטארבען, דענן איך האב געהערט מאַחוּרֵי הַפַּרְגּוֹד אז איך וועל בְּקָרֹב שטארבען, דאַרום ווילל איך טהיילען בְּרָכוֹת צו אללע מיינע חסידים. דערנצמאל, גידענק איך, זענען זיך צונויף געפאָרען מאַנען, ווייבער, בחורים מיט בתולות, און אויך איינגע פון דיא פריצים׳ליך (קליינע גוטבעזיצער),

איך האב זייא אללע געבענשט, אונ האב דענצמאל געמאכט אַסך געלט.

עס האט זיך געמאכט אמאָהל, איך האב בעדאַרפט האבען פיעל געלט, איז מיר איינגעפאללען איך זאל צושיקען בריעף צו דיא רייכע בעלי־בתים פון דער שטאָדט, זייא זאללען זיך רעכטען אז אין אַ חודש ארום, וועט דיא שטאָדט ברעננען, דענן אזוי האט מען מיר מודיע געוועזן פון אויבען, דארום דארפען זייא וויסען אז צדקה מיט פדיונות זענען איינע פון דיא מיטעלען, וועלכע זענען מעביר דיא שלעכטע גזרה, איך האב טאַקי שטארק בדָעה געהאט, ווענן זייא וועללען מיך ניט הערען, דורך איינעם פון מיינע חסידים, דיא שטאָדט אונטער צוצינדען, נור דיא בעלי-בתים האבען זיך פון מיינע רייד, זייער דער־שראָקען, אונ זענען מיט אַ געפילדער געקומען צו מיר: „רעבינוּ העלפט אונז, זייט מבטל דעם ביטערען גזר דין". דענצמאל האב איך אַ באפעהל געגעבען, אז איטליכער אין שטאָדט, קליין אונ גרויס, זאללען געהן תהלים זאגען, איך האב אויך צוזאממען מיט זייא אין שוהל תהלים געזאגט, אונ בין פליצים אריין געפאללען אין אָרון קודש אריין, נאך דעם האב איך אָנגעהויבען שרייען אונ זאגען: „וואס זאל מען טהון? דיא מַשְׁחִיתִים פון דעם פאלק וויללען כּפֶר-נפש געלד, פדיונות-געלט, דארום קינדערליך, זאלט איהר קיין רחמנות ניט האבען אויף אייער געלט, איהר זאלט געבען מעהר וויא פיהל איהר זענט אים שטאַנד צו געבען, יעדער זאל געבען פיר זיך, פאר זיין ווייב, פאר זיינע קינדער, אונ פיר זיין פארמעגען". דאס פאָלק האט אָנגעהויבען טראָגען געלט פון אללע זייטען. אז איך בין צוריק פון דער שוהל געקוממען אהיים, האב איך דאס געלט אָנגעהויבען צו וואַרפען אַהין אונ אַהער, איך האב זיך עטליכע מאָהל איינגעבויגען, אונ האב געמאכט פערשיעדענע תנועות (בעוועגונגען), איך האב געשריגען, גיברומט, געטיפעט מיט דיא פיעס, געפינקעלט מיט דיא אויגען, בכדי דיא דאזיגע וועלכע זענען געשטאנען לעבען מיר זאללען זיך שרעקען, נאך דעם האב איך צו זייא געזאגט: „געהט אהיים עסט אונ טרינקט, גאָטט „האט שוין בעוויליגט אייערע מעשׂים". אויף דעם אופן פלעג איך שרייבען אויך אין אנדערע שטעהט, אז איך זעה אויף זייא דינים קָשים, אונ זייא זאללען זיך זעהן העלפען דורך פדיונות.

אגרויסער עשיר, אַ ארענדאר (מוכסן) איז געזעסען ניט ווייט פון מיין שטאָדט, ער פלעגט צו מיר ניט פאָהרען, אונ איך האב פון איהם קיין מאָהל ניט געזעהן אַגראָשען, ער איז פשוט געוועזן אַמִתְנַגֵד. אמאל איז מיר איינגע־פאַללען אַ געדאנק, אז מען דארף פאָרען צו דעם מוכסן. ארים פארנאכט איז מיר אויסגעקוממען בין איך געבליעבען שטעהן לעבען זיין קרעצמי (גאַסטהויז), אונ אזוי וויא עס איז שוין שפעט, אונ מען דאַרף מנחה דאַווענען, בין איך מיט מיינע מענשען אריין געגאנגען אין קרעצמי אריין, אונ האב בייא דער מנחה זייער מאַריך געוועזן, אַקיצור איך בין שוין געבליבען דאָרט נעכטיגען. דער מוכסן האט מיר ניט געקענט מַעִיז זיין, אונ האט דערווייל געגעבען אללע עססען אונ טרינקען אונ אללעס וואס מען האט נור פערלאנגט. ארום האלבע

נאכט, ווען אללע אין שטיעב זענען געשמאַק געשלאָפען, בין איך מיר אויפ־געשטאנען שטיללערהייט, אונ בין צוגעגאנגען צום בעט וויאַ עס איז געשלאָפען דעם מוכסנ'ס ווייב, לעבען איהר איז געלעגען אַקינד פון אַהאלב יאָהר אונ אויך רוהיג געשלאָפען. איך האב גענוממען אַ האָבער זאַנג אונ האב זיא ארייג־געליינט אין דעם קינד'ס כּרְכַּשְׁתָּא, אונ בין זיך מיר צוריק געגאנגען לעגען שלאָפען, דאס קינד האט זיך אויף געחאַפט מיט אַ ציטערניש, געשריגען אונ געוויינט. דיא מוטטער האט זיך מיט דערשרעק אויפגעחאַפט, האט געגעבען דעם קינד זייגען, אונ האט געטהון אללע מיטעלען דאס קינד איינצושטיללען, אבער עס האט ניכט'ס געהאָלפען. אין קרעצמי איז געווארען אגרויס גערידער, דער מוכסן מיט דיא קינדער זענען אללע אויפגעשטאנען, דאס קינד ווייגט אונ שרייט ניט מיט זיין קול, אללע מענשען זענען אויפגעשטאנען, נור איך איינער האב זיך געמאכט גלייך וויא איך שלאָף. מיינע מענשען זענען צוגע־גאנגען צום מוכסנ'ס ווייב, אונ האבען איהר געזאגט, אז דאס איז ניט אנדערש, דאס קינד האט בעקוממען דיא שלעכט זאך, אונ דערצו איז דער רבי אגרויסער מומחה. דער מוכסן מיטען ווייב זענען באלד צו מיר געקוממען, געפאַללען צו דיא פים מיט אַגעוויין: „העלפט אונז רבי"! איך האב זיך באלד געוואשען דיא הענד, אונ האב געזאגט דעם סופר, וועלכער איז געפאָרען מיט מיר, ער זאל בודק זיין דיא מזוזות. דער מוכסן האט אפילו שטארק פאראיבעל געהאט דרויף. „סטאַטש! דיא מזוזות זענען געווים כָּשֵׁר, דען ערשט צוריק מיט „דרייא טאָג, האט דער מחותן מיינער, דער רַב, איבערגעזעהן אללע מזוזות, „אונ האט געזאגט אז זייא זענען כשר". שוטה! שוטה!—האב איך געזאגט צום מוכסן,—וואס ווייסט דען דיין מחותן דער רָב? ער איז דאָך נור אַלמדן, אבער ניט קיין צדיק! איך וויים געווים אז דיא מזוזה אויף דער לינקער טהיר איז פסול! ניט דאס קינד שרייט, דיא מזוזה שרייט, זיא דאַרף אַצונד האבען אַ תיקון דורך דעם כשר'ן קינד וואס האט נאך ניט געזינדיגט. דער מוכסן מיט זיין ווייב האבען זיך זייער דערשראָקען, אונ דער סופר האט דערווייל אין איין מזוזה אָפגעקריצט דאס אות ב פון בניכם וואס געפינט זיך אין דעם פסוק: „למען ירבו ימיכם וימי בניכם", דער סופר האט פאר איטליכען געוויזען, אונ האט שוין צו געשלאָגען אנייע מזוזה. איך האב דער וויל דאס קינד גענומען אויף דיא הענד, אונ האב ארוים גענומען דיא האָבער זאנג פון דער כּרְכַּשְׁתָּא, דאס קינד איז באלד שטילל געבליבען, דיא מוטטער האט איהם געגעבען זייגען, אונ דאס קינד איז אַנשלאָפען געווארען. נאך דעם דארפט איהר שוין פארשטעהן וויא פיעל געלד מיט מתנות איך האב בייא דעם אָרענדאַר איבער־גענוממען. פון דער צייט אָן פלעגען זייא דער מוכסן מיט זיין ווייב מיט דיא קינדער קומען צו מיר אויף שבתות אונ ימים טובים. דער מוכסן פון דער צווייטער קרעצמי האט געהערט פון דעָם נרויסען נָס וואס איך האב דאָ באַוויזען, האט ער מיך געלאַדען צו זיך אויף טהע, איך האב קיין חשק ניט געהאט צו איהם צו צופאָרען, האט ער מיר צו געזאגט פאַר יעדער גלאָז טהע

50 רובל, בין איך דער צו מרוצה געוואָרען, אונ האָב איהם מיט זיין ווייב מיט דיא קינדער געבענשט, אונ בין מיר צוריק אין מיין שטאָדט אריין.

אין אַדאָרף שוין ניט ווייט פון דער שטאָדט איז געזעסען אַמוכסן ארייכער מאנן, איינער פון מיינע חסידים, אַ בעזדיעטניק, ער פלעגט מיך אויסהאלטען אגאנץ יאָהר מיט פיש, בראָנפען אונ ווייצען מעהל אויף שבת, אַחוץ פדיונות, ער איז מיר אַקעגען געקומען מיט זיין ווייב אונ האבען מיך זייער געבעטען איך זאל צו זייא אריין געהן עפּיס עססען, איך האב אבער נאָך ניט געהאט גע־דאוועט אונ האב זייער גיאַיילט אהיים, דאַרום האב איך זיך בייא זייא ניט געקענט פערווײלען, דאַצו איז מיר זייער שווער געווען ארויף אונ אַראָפּ צו געהן פון דער קאַרעטע. דיא מוכסינטע האט געזעהן אז עס איז זייער שווער מיך איינצובעטען איך זאל אַראָפּ געהן צו זייא, האט זיא זיך צו וויינט אונ גע־זאגט מיט אַביטער קול: רעבי! הייליגער רעבי! נעמט בייא מיר 200 רובל אונ בענשט מיך מיט מיין מאנן, אונ דער נאָך זאלט איהר מיר ליעבער רעבי אויך דאס צו ליעב טהון, איהר זאלט על כל פנים אין דער קאַרעטי זיצענדיג, דורך פאָהרען דורך דיא טויערען פון מיין קרעצמי, דורך דעם וועט אָפשר גאָטט אויף מיר רחמנות האבען איך זאלל קיין עֲקָרָה ניט בלייבען, אונ אייך רעבינא וועל איך דער פאר געבען נאָך 100 רובל. איך האב אויסגעפאָלגט איהר בַקָשה, איך האב זיא מיט איהר מאנן געבענשט, אונ בין דורך געפאָרען דורך דיא טויערען פון דער קרעצמי. זייא זענען געווען דער פון זייער צופריעדען אונ האבען אַזש געוויינט פאר שמחה. ווענן מענן האט געעפענט דעם טויער פון דער קרעצמי, האט דער מוכסן געשריגען אויף אַקול: „פתחו שערים ויבא גוי צדיק!" פון דאָרט בין איך אהיים געפאָרען.



וויא דער בעל התקונים אדער מאַגנעטיזירער, האט געזעהן אז דער חולה איז זייער אָפגעשוועכט געווארען פון פיעל ריידען, האט ער איהם אָפגעלאָזט. דער חולה האט זיך באלד אויפגעוואַכט פינ'ם שלאָף, אונ האט עטוואס גענאָססען פון עססען אונ טרונקען. דער נאך איז ער אביסעל אַנשלאָפען געווארען, מיר האבען איהם איבער געלאָזט, אונ זענען אריין געגאנגען אין אנאנדער צימער.

---

## דיא צווייטע ערשיינונג.

שפעטער אביסעל, אז דער קראנקער איז קרעפטיקער געווארען, האט איהם דער בעל התקונים, נאך אַמאָל אַנשלעפט, אונ מען האט איהם ווייטער אָנגעהויבען צו פרעגען וועגען דעם רעבין, אונ וואס קומט פאָר מיט

איהם אצונד? — אין דעם מאָמענט, האט דער חולה געענטפערט, — איז געקוממען איינער פון דיא מַשְׂטִינִים (אנקלאָגער) זיין נאמען איז שַׁכְּחִיאֵל, אונ האט אַגעשרייא געטהון צו דיא דרייא בעקאַנטע מַלְאֲכֵי חַבָּלָה: (אונטער זייא איז געווען אויך דער עכסטע איבער דיא בייזע מלאכים מיט דעם נאמען נַפְתִּיאֵל, ער האט 20000 קעפף אונ איז פיעל מיט אויגען) „איהר זאלט באלד „ברענגען דעם צדיק ר' N גלייך אין עולם התוהו אריין, איהר זאלט איהם „אנידער זעצען אין דער לינקער וואָהנונג וועלכע געהערט צו דעם גֵיא-צַלְמָוֶת. „(דער טאָל פינ'ם טויט). וואס עס ווערט אָנגערופען מיט דעם נאמען: „מָדוֹר המדמה".

מען האט איהם תיכף געבראכט אַהין, ער זעהט אוים גלייך וויא ער לעבט מַמָש, אונ געפינט זיך צווישען זיינע חסידים, קרובים אויך גוטע פריינד, געהט אָנגעטאָן אין אווייסע שבת'דיגער זיפעצי, בעלעגט מיט זילבער. דער טיש איז געגרייט, פיעל מענשען אלטע אונ יונגע שטעהן אָנגעשפאַרט בייא דעם טיש, קיין קול קיין דבור הערט מען ניט. אָפען טיש זענען געשטאנען פיעל פערשיעדענע מאַכלים, אונ אללערליא משקאות, אין זילבערנע אונ גילדענע כלים, פלעשליך בראנפען מיט געשליפענע קעלישיקעס פון טייער וויים גלאָז, אונ עס איז גראַדע דיא צייט פון שָׁליש-סעוּדוֹת. דער רעבּי הייבט זיך אָן צו שאָקלען אונ ביסלעך וויים צו זינגען, דיא חסידים הייבען אָן ארוים צו לאזען פערשיעדענע קולות, אונ הייבען אָן צו פלעסקין מיט דיא הענד, דער רעבּי האט אָנגעהויבען בזה הלשון: לכבוד שבת: האַ! האַ! האַ! לכבוד הַמַּטְרוֹנִיתָא, האַ! האַ! האַ! לכבוד דער געליבטער כלה דיא שיינע דיא געליעבטע! עס איז גאנץ שטילל, מען הערט קיין שערך ניט. דער רעבּי שאָקעלט זיך פון אללע זייטען, ער טיפעט מיט דיא פים, בעוועגט דיא פינגער, ווינקט מיט דיא אויגען, הייבט אָן שטילל צו רעדען, אביסעל צו געזיפּצט, אביסעל צו געזינגען. פליצים טהוט ער אַ געשרייא, ארום אונ ארום איז פינ־סטער, (קיין ליכט פאר מעריב טאָר מען דאָך ניט אָנצינדען). דיא לאָדען פון דיא פענסטער ווערען צו געמאכט, דער רעבּי פערהענדערט זיין נאטירליכע שטיממע, אונ מיט אַגראָב קול הייבט ער אָן צו זאגען פּאָוואָלי: האַ! האַ! האַ! מרא דעלמא כולא! פרעגט מיך נור עפים אפסוק! האַ! האַ! האַ! שאַט! שאַט! שאַט! איינער וואס איז געזעססען לעבען רעבּין, אַאיש מכובד, גע־קליידעט אין מלבושים אויך אביסעל ווייסליכע, האט זיך אויפגעשטעלט מיט גרוים פחד, אונ האט געפרעגט דעם רעבּין מענינאָ דיומאָ: „אלה תולדות נח, „נח איש צדיק תמים היה בדורותיו את האלקים התהלך נח", „דער פסוק איז זייער שווער פינם אָנהייב ביז אין סוֹף". מעהר האט ער ניט גערעט, ער איז שטילל געבליבען. אונ האט זיך אנידער געזעצט אויף זיין אָרט. דארויף האט דער רבּי געענטפערט מיט אַמשונה'דיג קול: האַ! האַ! האַ! אמת! אמת! עס איז דאָך טאקי זייער שוועהר, עס איז דאָך בודאי זייער שוועהר האַ! האַ! האַ! תולדות נח? האַ! האַ! האַ! תולדות נח! וואס איז אזעלכעס תולדות

נח ? צדיק תמים ? היה בדורותיו ? פליאָה! האַ! האַ! האַ! תולדות נח ? האַ! האַ! האַ! תולדות נח! את האלקים ! פליאָה! פליאָה! חידוש! חידוש! (מיט אניגענדיל) : אלה תולדות נח! (הערט אויף אונ זינגט ווייטער) איש צדיק תמים היה בדורותיו, את האלקים התהלך נח ? את האלקים התהלך נח ? ער פאַלט אויפען טיש אונ בלייבט שטילל וויא אַ אֶבן דומם. דיא חסידים, אטהייל פון זייא שטעהן אטהייל זיצען, אללע האבען גרויס פחד, זייא שווייגען, זייא דענקען דער רבי האט עליית נשמה, ער איז ארויף אויף דעם הימעל, ער זאל מקבל זיין דעם סוד פון דעם פסוק, פון דיא שָׂרֵי מעלה, פליצלינג הייבט דער רבי אויף דעם קאפף אונ הייבט אָן פלעסקין מיט דיא הענד, זינגט אונ שרייט, טיפעט מיט דיא פיס, ווינקט מיט דיא אויגען אונ הייבט מיט אַמשונה קול צו זינגען : אלה תולדות נח, נח איש צדיק תמים היה בדורותיו, את האלקים התהלך נח. מיט אגרויס געשרייא אונ געך : אלה תולדות נח, נח איש צדיק תמים היה בדורותיו, את האלקים התהלך נח. (מיט מתינות) : האַ! האַ! האַ! דער צדיק! דער צדיק! הצדיק! דיא בחינה פון דעם צדיק איז דיא בחינה פון הִתְלַבְּשׁוּת, (אָנקליידונג) אונ איבער דעם איז זיך דער צדיק מִתְלַבֵּשׁ דוקא אין מלבושים פון כבוד, זילבער מיט גאָלד, אויך דיא קינדער פון דעם צדיק מיט זיינע טעכטער קליידען זיך אָן אין טייערע קליידער, צירונג מיט פעריל. אונ דאס ווייסט מען דאָך אז נח איז דיא בחינה פון מלכות, אונ זיינע קינדער זענען דיא בחינה פון תפאֶרת, ער האט געקליבען דיא ניצוצין וועלכע זענען אריין געפאַללען אין דיא קליפות, דורך דעם איז ער געקוממען צו דער בחינה פון צמצום, האַ! האַ! האַ! אמת! אמת! צו דער בחינה פון צמצום, אונ דיא בחינה פון צמצום איז דאָך נאָך גרעססער פון דעם אָדם קדמאה (דער ערשטער מענש) אפילו פון נח'ען. אונ דאס איז דאָך אלשון לבוש, וואס ער האט זיך מתלבש געווען אין אַלבוש מלכות, אונ דאס גרויסקייט פון מלכות פאַלט אריין אין דער בחינה פון רַעווא דרַעווין; אדער עס איז אויך אַלשון פון גליסטען אונ אַלשון פון חִמוּם (דערהיצונג).

בדורותיו! דוקא בדירותיו, אין זיינע דירות דוקא דוקא! דענן דאס איז דאָך דיא בחינה פון וואונען, פון דעם לשון דירה, אונ דאס איז דיא מדרגה פון גוף, וואס ער איז זיך מתלבש אין אַטלית אונ ציצית מיט תפילין, אונ דורך דעם איז ער מַמְתִיק דיא דינים מיט דיא נשמות וואס זענען נאַקיט אוועק רחמנא ליצלן. אונ מחמת דעם דארף מען מאכען אַברכה אויף צווייא תפלין, דאס איז אין דער מדרגה פון עֲטָרָה וְכֶתֶר, אונ עס פאַלט אריין אין דער בחינה פון כלה. נח איש צדיק תמים היה בדורותיו, האַ! האַ! האַ; אונ איז מקבל דיא שֶׁפַע פון בחינת צדיק, דער גאנצער וועלט איז ער משפיע פון בחינת צדיק דורך דיא צנורות (קאָריטעס) מיט דער בחינה פון גרויס אונ קליין, אונ איבער דעם דאַרף זיך דער צדיק אָנקליידען מיט גרויס כבוד, מיט זילבער, גאָלד אונ צירונג, אונ דאס גאנצע זילבער אונ גאָלד, וואס איז נור דאָ אויף דער וועלט, געהער עס אַלדונג צום צדיק, דענן דער

צדיק איז דאָך אין דער בחינה פון מָשִיח, אַ ראם מיינט דער פסוק: את האלקים התהלך נח! התהלך איז אַ לשון מלכות, אונ אַהַמְתָּקָה פון דינין דורך דער צדקה צו דעם צדיק. האַ! האַ! האַ! שאַט! שאַט! (ער איז אביסעל אנשוויגען געוואָרען) נאך דעם הייבט ער אָן צו זינגען מיט אַנייעם ניגון אונ מיט גרוים מתינות, וואָרט בייא וואָרט דעם פסוק: אלה תולדות נח. נח! נח! האַ! האַ! האַ! (מיט אניגון) את האלקים, טאַטע! טאַטע! האַ! האַ! האַ! התהלך, דערבארימדיקער צדיק! התהלך, רחום צדיק! התהלך, התהלך, מרא דעלמא כולא! באָם! באָם! נוא! נוא! נוא! האַ! האַ! האַ! באַ! באַ! נוא! נוא!.... צינד אָן ליכט!— דער רבי האט אויסגוטרינקען אַגלעזיל בראָנפין. אין זיל־בערנע שיסלען האט מען געבראכט פיש, אונ דער רבי האט געטיילט איטליכען אַשטיקעל פיש, ובפרט דיא רייכע אורחים, האט ער יעדען געגעבען אַ מנה יפה. אין עק טיש סאַמע אקעגען רבין, איז געזעסען איונגער מאַנן א אורח אַרייכער, ער איז געקומען מיט אַבקשה צום רבין, ער זאל איהם געבען דיא טאכטער פון אבעקאַנטען גביר... פאר אווייב. דער רבי האט זיך געווענדעט צו איהם מיט דיא ווערטער: „נעם אַשטיקעל פיש! נעם מיין זוהן, דוא האסט דאָך אריינע נשמה, עס! עס! אצונד מיינע ליעבע אורחים גוט תיקון, קויפט תיקון! גיבט ויין! גוטען ויין! עס איז ניט דאָ אין דער גאנצער שטאָדט אַזאַ גוטער ויין וויא בייא מיין זוהן ר׳ איציקיל לעב, וואס זיצט דאָ לעבען מיר אין דער רעכטער האנד, בייא איהם איז דאָ גוטער ויין. נור פון מיינע אורחים וועגען, ער האט אויך ויין אין בוטעלקים. צו צוויי רענדליך אַבוטעלקי, אונ דער ויין איז ממש מְחַיֶה! ר׳ איציקיל מיין זוהן! זאג דעם משרת ער זאל אריין ברענגען גוטען ויין, אַבוטעלקי במקח צווייא רענדליך, באלד האט מען געבראכט ויין, דער רעבי האט זיך אָנגעגאָסען אפיללען כוס, אונ האט אָנגעהויבען צו טרינקען לחיים, לחיים ר׳ בנימין מאיר! לחיים ר׳ אלי׳ פרנס! לחיים ר׳ ישעי׳ שניידערשער רב פון דער שטאָדט ק. לחיים, לחיים!-הלואי איהר זאלט זוכה זיין צו וויססען באמת וואס ויין איז, אונ אפילו וואס בראנפען הייסט אויף דער וועלט, אונ מיר זאללען זוכה זיין צו טרינקען מיט גרוים שמחה אונ מיט דביקות האַ! האַ! מיט דביקות, מיט דביקות! מיר זאללען זיך מתדבק זיין אין דעם וואס מיר דארפען זיך מתדבק זיין, לחיים! לחיים! (טרינקט) דער ויין איז מחיה, זאלל איך אזוי לעבען. אין דעם ויין איז דאָ כמה סגולות מיט רפואות, וואס מען קאנן זיך גאָר ניט משער זיין. טרינקט אורחים! פליצים ווערט דער רבי ברוגז, אונ לאזט ארוים אַגעוויין. ער הייסט זיך רופען דעם בדחן ר׳ זלמן, (וואס ער איז געווען אַפאַקטאָר בייא דיא קאָזאַקען אויף דער גרעניץ). מיין זוהן זלמן בדחן, זאגט דער רבי, מאך מיך נור אביסעל פרייליך, דענן איך בין אביסעל מרה־שחורה׳דיג. איך זעה פיעל גזרות אויף יודען, דער שר פון מלכות סוריא איז אויך צווישען דיא מקטריגים: ער שטעהט אונ שרייט מען זאל צונעמען דעם דת פון יודען, היינו: מיט יודישע קינדער זאל מען לערנען פסוק אונ דקדוק רחמנא ליצלן! אוי דקדוק

דקדוק! אוי פסוק, פסוק! מען וויל אויך גוזר זיין אויף יודען זייא זאללען זיך בעשעפטיגען מיט עבודת אדמה, וויא דיא גוים, ובפרט דיא אָרימע לייט, זייא זאללען ווערען בעלי-מלאכות, אויך דיא קינדער זאללען לערנען רוסיש אונ רעכינען, אוי חשבון! חשבון! מען וויל אויך גוזר זיין עס זאללען זיין רבנים אין יעדער שטאָדט, אזוי וויא עס איז לאנג געוועזן אין דיא אַרבע אַרצות, אונ זייא זאללען דוקא זיין לומדים, השם ישמרנו! לומדים! אוי לומדים! וואס דאַרפען מיר לומדים היינטיגע צייטען? מען דארף ניט האבען קיין לומדים, מען דארף היינטיגע צייטען ניט לעהרנען קיין הלכות מיט דינים, עס איז דאָ צווישען אונז נביאים, אונ דענצמאל ווענן עס איז געוועזן נביאים, איז ניט געוועזן קיין משנה אונ קיין תלמוד, אונ ווענן עס טרעפט זיך אַשאלה, דערקענט מען זיא מיט אַטביעת עין (מיטען קוק), אונ דאס איז דאָך אַפּראָסטע זאך וואס אקינד פארשטעהט, אז מען זעהט ניט קיין שם הֲוָיָה אויף דער שאלה, איז טריפה. אזוי וויא עס האט זיך אין מיין שטאָדט געטראָפפען מיט אַהין, דיא לומדים, רחמנא ליצלן, האבען זייא כשר געמאכט, אונ איך האב זיא טריפה געמאכט, מחמת איך האב אויף דער שאלה קיין שם הויה ניט געזעהן. אוי לומדים! גאטט ווייסט אז איך קאנן ניט הערען דעם נאמען למדן, אזוי וויא איך קאנן ניט הערען דעם נאמען „עבודה זרה", אונ אזוי וויא חזיר, קאנן איך ניט ליידען דיא מגידים מיט זייערע חכמות. אוי חכמות, חכמות! דארום מיין זוהן זלמן, מאך מיך אביסעל פרייליך מיט דיינע לצנות. זלמן איז אויפ-געשטאנען, אונ ארום געטאנצט אביסעל אין שטיבּ, אהין אונ אהער, ער איז צוגעלאָפען צום רעבינס טאָכטעריל דיא כלה, וועלכע איז ערשט אלט געוועזן דרייא יאהר, ער האט זיא אויפגעהויבען, אונ האט געזאגט: „רבי! רבי! גיבּ זיא מיר פאר אווייב, וועל איך דיר געבען אהאלבען גילדען, אונ אויב דוא ווילסט ניט, וועל איך דיר געבען אגאנצען גילדען. דער רבי האט אָנגעהויבען צו לאכען, עס האט איהם הֲנָאָה געטהון. דער נאך האט זלמן אָנגעהויבען טרינקען בראנפען, אונ האט געזאגט: לחיים רבי! איאָ רבי עס איז אמת אז בראנפען טרינקען איז אגרויסע מצוה, בייא דעם היינטיגען ביטערען גלות, דענן זינד דאס בית המקדש איז חרוב געווארען, דארפען מיר מקיים זיין דיא מצוה פון דיא קרבנות מיט דיא ליפפען, דען עס שטעהט דאָך געשריעבען: „ונשלמה פרים שפתינו" אונ ווער עס זאגט למשל דיא פרשה פון נסוך היין, דארף ער מיט דעם ערפיללען דעם אמת'ן ניסוך וואס ער איז געוועזן אויף דעם מזבח, עס קאנן זיין עפים אַמחשבה זָרָה חלילה, אונ דאס הארץ פיהלט דאָך כמעט ניט וואס עס איז אויף דיא ליפפען, — אבער בייא בראָנפען טרינקען, איז דאס מויל מיט דעם הארץ גלייך, אונ בראָנפען איז דאָך וויין פון דער מדינה, אמת רבי? אמת! אמת! האט געזאגט דער רבי. אם כן ווער עס טרינקט בראָנפען, איז גלייך וויא ער איז מְנַסֵך וויין ממש, האט זלמן געענט-פערט, אונ האט אויס געטרינקען אפיללען כוס, דער רבי, אויך אללע מענשען וועלכע זענען געוועזן אין שטיבּ האבען אללע זייער געלאכט. אז זלמן איז

אביסעל פרייליך געוואָרען האט ער אָנגעהויבען צו מאכען לצנות פון דיא חַכְמֵי הדור, פון דיא רבנים מיט דיא מגידים, נאך דעם האט ער זיך אָנגעטהון אין אַ איבערגעקעהרטען פעלץ, אונ אויף דעם קאָפּף האט ער אָנגעטהון אַפּאַפּיערענעם קאָלפּאָק, אונ האט זיך אויס געשמיערט דאס פּנים מיט סאַזע, אונ אזוי האט זלמן מְשַׁמֵה געווען דעם רבין מיט אללע אורחים, דער בייא האט ער גערעט ניבול פּה, דיא חסידים האבען געמיינט אז אין דעם שטעקען אויך פיעל סודות, ווענן ניט, וואלט דאָך דער רעבי דער צדיק אַזאַ תענוג ניט געהאט פון דעם.

נאך דעם האט דער רבי אָנגעהויבען ארויס צו ווייזען זיין גראָסע, דורך זיינע בעפעהלע: „מיין זוהן החתן יוסף, וואס זיצט מיר דאָ אקעגען, זאל שוין מעהר ניט הייססען יוסף, נור ר׳ יוסילי״. הערושע מיין זוהן: איך באפעהל אויף דיר אז פון היינט אָן זאלסטו דאַווענען קבלת שבת. איינגעהילט אין אַטלית, אזוי וויא איך טהוא. פליצים הערט מען אַ געוויין מיט אגעשרייא אויף דער טהיר: עס איז אריין געקוממען זייער ארייכע יודענע, אונ האט געזאגט זייער מיט אביטער קול: העלף הייליגער רבי! מיין איינציגער זוהן איז זעהר קראנק געווארען, ער ליעגט אויף דעם טויטען בעט, דיא דאָקטורים זאגען אז ער האט אַ לינגענענטצינדונג.—וואס געהער זיך עס אָן מיט דיא נארישע דאָקטורים צו היילען קראנקע? האט דער רבי געענטפערט מיט כעס,—שוטים! ווער בעניצט זיך היינטיגע צייטען מיט רופאים? איז דען ניט דאָ קיין צדיק אויף דער וועלט? האַ! בייא דיא ווערטער, האט דיא יודענע אָנגעהויבען וויינען: נאָ העלפטשע איהר הייליגער רבי״! — נאָ גיבושע אויף אַפּדיון הונדערט מיט זעכציג קערבליך! האט דער רבי געזאגט מיט אַ אויסרוף צייכען, „עס איז צו פיעל רבי״, האט דיא יודענע געזאגט.—מְרַשַׁעַת! האט דער רבי געזאגט מיט אַבעזיר,—דער פּאַר וואס דוא האסט געזאגט אז סיא צו פיעל, ווערסט דוא דער לעגען ביז צווייא הונדערט״. ווענן ניט זאלסטו באלד ארויס געהן, טאַקי שוין, שטיפּט זיא ארויס!—דיא יודענע האט מיט אַציטערניש אָנגעהויבען בעטען: „רבי! איך האב אצונד בייא זיך ניט קיין געלט, עס איז נאך בייא מיר שבת״.—נאָ נעהם זשע אראָפּ דאס צירונג פון דיר, האט דער רבי געזאגט, מיט אשמייכעלע. אַקיצור דיא יודענע האט פון זיך אראָפּ גענוממען דאס שטערענטיכעל, אונ האט דעם רבין געגעבען אַמשכון, מיט אַתנאי, אז איהר זוהן וועט ח״ו שטארבען, זאל דער רבי מעהר ניט נור 353 גילרען, בערך פּדיון נפש. דער רבי האט געהייסען שרייבען אַקוויטעל מיט דיא תנאים לזכרון, אויף דעם קוויטעל האט זיך דיא יודענע גיחתמיט, אויך צווייא עדות האבען זיך אונטער געשריעבען. דער רבי האט געמאכט אַ פּ ד י ו ן נ פ ש אויף איהר זוהן, וויא זיין שטעגער איז. דיא רפואות פון דעם רבין זענען בעשטאנען אין דעם: אַבאָד פון בראָנפען, דער קראנקער זאל זיצען אין דער באָד אַהאלבע שעה, דער נאך זאלל מען איהם שטעללען אויף דעם לינקען פוס 20 פּיאַוקעס. דעם קאָפּף מיט דיא הענד אונ דעם שפּיץ נאָז, זאלל מען

אוים שמירען מיט גוטטען בוימעל, וועלכע מיא בעקוממט בייא מיין טאכטער. דעם לינקען אויער זאלל מען איהם אונטעררייבערען מיט בערשטען. אויף דעם גרויסען פינגער פון דער לינקער האנד זאלל מען אנטהון אפינגעריל פון לולב, דאס פינגערעל גיעב איך דיר אצונד, פאר דעם פינגערעל זאלסטו געבען אין דער אורחים פישקע ח״י זהובים. אין דעם איז דא אגאנץ גרויסער סוד. זאלסט וויסען אז דיא גאנצע קרענק איז צו איהם געקוממען, דער פאר וואס ער האט געלעהרינט בייא דעם מלמד דייטש, אונ דער מלמד האט דאס געלעהרינט אין דיא שקאָלעס. זאלסט אויף זיך מקבל זיין בשבועה, אויב דיין זוהן וועט געזונד ווערען, זאל ער ניט לערנען קיין פסוק (תנ״ך) אונ טכ״ש דקדוק. ער זאלל ניט שרייבען אפילו קיין פראָסט יודיש, ער זאלל זיך נור קענען קוים חתמענען, אזוי וויא איך מיט מיינע קינדער. אויך זאלסטו זעהן ער זאלל ניט קענען ריידען קיין שום לשון (שפראַכע) רחמנא ליצלן! אפילו גויש זאלל ער אויך ניט קענען ריידען, ומכל שכן שרייבען אויף אנדערע לשונות, אַוַדאַי ניט! חומש זאל ער אויך ניט לעהרנען פיעל נור אַביססעל, גמרא אויך צו ביסלעך, ער זאל זעהן מאַריך זיין בייא זיין דאַווענען, אונ זאל אָפט געהן אין מִקְוָה אריין, ער זאל זיך סטאַרען צו הערען אונ צו דער ציילען מעשיות פון צדיקים, אפילו שיחות חולין פון גוטע יודען איז אַסך מעהר טאַיערער בייא גאָטט פון אללע לערניכצען פון דיא לומדים מיט דיא רבנים אויך דיא חכמים, משכילים ופלסופים רחמנא ליצלן! איך זעה וויא מעגליך איז, איך זאלל מאַכען אללע טאָג נייע ברכות: דיא ערשטע ברכה מיינע איז: וואס גאָטט האט מיך ניט בעשאַפען קיין למדן; דיא צווייטע ברכה איז: וואס גאָטט האט מיך ניט בעשאפען אַ בְּרִיָה; דיא דריטטע ברכה איז: וואס ער האט מיך ניט בעשאַפען אַ פלסוף; דיא פירטע ברכה איז: וואס ער האט מיך ניט בעשאפען אַ בעל חשבון; דיא פינפטע ברכה איז: וואס איך פערשטעה ניט קיין שום לשון; דיא זעקסטע ברכה איז: וואס איך בין ניט קיין בעל פסוק (תנ״ך); דיא זיבעטע ברכה איז: וואס איך בין ניט קיין בעל דקדוק; דיא אַכטע ברכה איז: וואס איך קאנן ניט שרייבען, אפילו זיך ניט חתמענען וויא עס דארף צו זיין; דיא ניינטע: וואס איך בין ניט קיין בעל מלאָכה. זאלסט זאגען דיין זוהן דעם קראַנקען, ער זאל נור תמיד אכטונג געבען וויא דיא צדיקים שאָקלען זיך, וויא אזוי זייא עססען, טרינקען, פאָרען אין קאַריטעס, אונ וויא אזוי זייערע זוהן אונ טאָכטער קליידען זיך אונ צירען זיך מיט אללערלייא צירונג אונ מיט פעריל, אין דיא אללע זאכען שטעקען ווינדערליכע סודות. ווער עס דערצעהלט מעשיות פון צדיקים, דער בויעט וועלטען, אונ דאס הייסט טאַקי מעשה מֶרְכָּבָה. ער זאל תמיד געהן אויף דיא קברים פון דיא צדיקים, אונ אריינוואַרפען צדקה אין דיא פישקעס וועלכע שטעהן דארט. אונ זאל אָנצינדען בוימעל אין דיא לאָמפען וועלכע געפינען זיך דאָרט. ער זאלל אויך קוממען צו מיר אויף געוויססע שבתות אונ ימים טובים, ובפרט אויף ראש השנה, ווענן ער וועט אפילו וואוינען אין אַווייטער שטאָדט; אין דעם שטעקט אגרויסער סוד. ערב

ראש חודש אֶלול זאל ער אָנהייבען צו זאגען תיקוני זוהר, אות זאל דוקא ניט פערשטעהן איין וואָרט. ער מעג זיך געוויינען צו טרינקען אַביסעל בראָנפען, ביז ער זאל קענען טרינקען אַ שיעור וואס איז ראוי לברכה. אין דעם שטעקט אַשטארקער סוד! ער זאלל אללע טאג לייגען רבינותם׳ס תפילין נאך דעם דאווענען, אונ זאל לעהרנען אללע טאָג אין דעם ספר המדות למהר״ן אונ זיינע ספורי מעשיות, ובפרט דעם שבחי הבעש״ט. ער זאל געבען דיא חסידים משקה וועני זייא ווילען, דאס הייסט „תיקון". ער זאל קיין מאָל ניט אריין קוקען אין דיא ספרים וועלכע זענען געדרוקט אין וויען, ומכש״כ דיא ספרים וועלכע זענען געדרוקט אין בערלין רחמנא ליצלן, נור אין דיא ספרים וואס זענען געדרוקט געווארען אין סלאַוויטאָ, אוסטרא זיטאָמיר, אללע לומדים זאל ער פיינד האבען תכלית שׂנאָה, ובפרט דיא וועלכע לערנען חכמות מיט לשונות, ער זאל זייא אללע פערפאָלגען (רודעפֿען) אונ מעג מאכען אויף זייא בלבולים. מוציא שם רע אונ מלשין זיין אויף זייא פיר דיא שָׂרֵי המדינה. דער נאמען פון דיא חכמים אונ לומדים זאל אויסגעמעקט ווערען, דיזען עס איז ניט דאָ אַזאַ זאך וואס זאלל אזוי שעדליך זיין פיר דיא צדיקים וויא דיא לומדים, אונ דיא בריות וועלכע הייסען חכמים. ווענן דיין זוהן וועט אַמאָהל זינדיגען, זאל ער פאר דיא צדיקים מתודה זיין, ער זאל זיך קיין מאָהל ניט מצער זיין, דיא גרעסטע סגולה צו צער איז אַגלעזיל בראָנפען, אונ אמאָהל צווייא אדער דרייא גלעזליך. טויזענד מאָהל זאג איך דיר אָן, דיין זוהן זאלל ניט לערנען בייא דעם מלמד דעם רשע.



דיא יודענע איז אוועק נעגאנגען, האט אללרינג געטהון וואס דער רבי האט געזאגט. מיט אַקורצער צייט שפעטער איז דער יונגער מאַנן געשטאָרבען. דער רבי האט דאס געהערט, האט ער זיך אנידער געשטעלט בייא דעם פענסטער, אונ האט געזאגט: „יאָ, דיא וואָראָנים, וועלכע שטעהן דאָ אויף דעם דאַך האבען מיר שוין מְבַשֵׂר געוועזן, אז דער יונגער מאַנן איז טויט. הוי! ער איז געשטאָרבען! ער איז געשטאָרבען! ער איז געשטאָרבען! ער איז וודאי געשטאָרבען, ברוך דיין האֶמת!



# מרים

## אמעשה פאן גלות בבל

וַיְהִי בְּמָלְכוֹ צִדְקִיָּהוּ עַל יְהוּדָה, אין עלפטען יאָהר צו זיינער רעגירונג, דעם ניינטען טאָג אין פירטען חודש, איז נבוכדנאֶצר אָנגעפאללען אויף דער שטאָדט יְרוּשָׁלַיִם, אונ האט זיא איינגענומען, נאָכדעם וויא ער האט זיא בעלאַגערט צווייא יאָהר. דער קאֶניג צִדְקִיָּהוּ מיט זיינע מיניסטאָרען זענען אַנטלאָפען געווארען. האט מען זייא נאָכגעיאָגט אונ מען האט זייא געחאפט, דעם קאֶניג צדקיהו האט נבוכדנאֶצר געהייסען דיא אויגען אויסשטעכען, אונ זיינע קינדער מיט דיא גרעסטע פון דער שטאָדט האט מען אויסגעקוילעט. דעם קאֶניג האט מען איינגעשלאָסען אין קייטען, אונ מען האט איהם אוועק געפיהרט קיין בבל. דעם קאֶניג'ס הויז האבען דיא כַּשְׂדִּים פערברענט, אונ דיא מויערען מיט דער פֿעסטונג האט מען צערשטערט.

פון דער צייט פאַנגט אָן דער „גָלוּת בָּבֶל" וועלכער האט געדויערט זיבּציג יאָהר. לויט וויא עס איז בעקאַנט, האבען דיאביידע מַמְלָכוֹת יהודה אונ ישׂרָאֵל זעהר פיעל געליטען פון דיא צווייא פעלקער אַשור אונ בבל, זייא פלעגען אָפט אָנפאַללען אויף דיא רעזידענצען ירושלים אונ שומרון, דארום זענען דיא יודען געצווינגען געווען צו זוכען הילפע פון זייערע שכנים. דאס האט געפיהרט דערצו, דאס דיא ביידע רעגירונגען זענען געקומען צו דער גרעסטער ערנידערונג, אונ זענען געווען שטענדיג אונטער געוואָרפען, אונטער דעם יאָך פון אַשור אונ בבל, ווען דאס פאָלק ישׂרָאֵל האט זיך ענטזאַגט צו געבען סלמנאסר דעם געוויסען מַס (פאָדאַט) איז ער אָנגעפאַללען, אויף דער רעזידענץ שומרון, אונ האט געמאכט אגרויסען פּאָגראָם, געראַבעוועט, גגזעלט, אונ גענומען אגרויסען טהייל פון דעם פאָלק אין פלען אריין. אזעלכע פּאָגראָמען האבען אויך געליטען דיא יודען אין דער צייט פון חִזְקִיָּהוּ, ווען עס איז געווען דיא גרויסע מַגֵּפָה אין דעם חֵיל פון סַנְחֵרִיב מלך אַשור. דאס גרויסע אונגליק וואס האט געטראָפען יהודה, איז געווען דורך דעם קאֶניג פון בבל, נבוכדנאֶצר האט איינגענוממען ירושלים, אונ האט דעם קאֶניג מיט דיא גרעסטע מעננער גענומען אין פלען אריין. יִרְמְיָה הַנָּבִיא האט נושא חן געווען בייא נבוכדנאֶצר, ער האט איהם איבערגעגעבען צו נבוזראַדן, וועלכער איז געבליבען נאַמיעסטניק אין ירושלים, אונ אונטער זיין הַשְׁגָּחָה איז ער געקומען קיין מִצְפָּה, צו גְדַלְיָה בֶּן אֲחִיקָם.

* * *

דיא גרעסטע מלוכה אין גאנץ אַזְיָען איז געווען דיא בַּבּילאָנישע, אין דער צייט פון נבוכדנאֶצר, נאָך בעפאָר ער האט איינגענומען ירושלים האט ער געמאכט אַנעק פון אַשר מיט זיין רעזידענץ שטאָדט נִינְוֵה, נאך דעם האט ער איינגענומען כְּנַעַן (פיניקיאַנער) מיט אַקורצער צייט שפּעטער, האט ער איינגענומען מצרים (עגיפּטען) ווען נבוכדנאֶצר דער גרויסער דיספאָט, איז צוריקגעקומען,

נאך דיא גרויסע נצחונות, אין זיין רעזידענץ שטאָדט בבל, האט ער אָנגעהויבען צו זאָרגען וועגען דעם גליקליכען צושטאנד פון זיין לאַנד, צו ענטוויקלען דעם האנדעל מיט דער פראָמישלינאָסט. ער האט פערשענערט אונ פערגרעסערט זיין רעזידענץ מיט גרויסאַרטיגע געביידען, ער האט נעהייסען מאכען הויכע פלויטען (גְדֵרִים) אויף דיא אָרטער, וויא עס צוגיסט זיך דער טייך פרת (עפראַט) אונ האט נעהייסען גראָבען קאַנאַלען אין דעם גאנצען לאַנד, אַהויכע גרויסע וואַנד מיט פיעל טאָרמעס ארום גערינגעלט דיא שטאָדט, וועלכע האט פערנומען אגרויסען פלאַץ. הייזער האט מען געסטרויעט אין אייניגע שטאָק, פון ציגעל, געטריקענט אויף דער זוהן. אַרום דיא גרויסע פּאַלאַסטען, וויא עס האבען געוואוינט דיא גרעסטע אונ פאָרנעהמסטע מענשען, זענען געווען פערפלאַנצט וואונדערבאַרע גאָרטנער מיט פּאַרקען. אין יעדען טהייל פון דער שטאָדט, זענען געווען גרויסע שפּאַציר פּלעָצע מיט טייכעלעך, ארום זייא זענען געווען געזעצט אללעען פון פערשידענאַרטיגע ביימער מיט הויכע ווערבעם (עֲרָבִים) (וויא דיא געפּאַנגענע יודען האבען אויפגעהאָנגען זייערע פידלען, ווען מען האט זייא געהייסען שפילען זייערע נאַציאָנאַל געזעננע).

דיא גרעסטע קירכע אין בבל איז געבויעט געווען לכבוד הָאֱלִיל בֵּל, דיא קירכע עַשְׁתֹּרֶת (גאָטטין פון ליעבע) איז אויך געווען זייער שיין, נאָר דאס גרעסטע וואונדער פון דער בויאקונסט האט זיך גערעכענט דער קאָניגליכער פּאַלאַץ, מיט זיינע גאָרטנער, וועלכע האבען געהאָנגען אין דער לופטען, נבוכדנאָצר האט זייא פערציערט אונ פערגרעסערט גרויסאַרטיג, מיט דער בעסטער אָריענטאַלישער פראַכט אונ רייכקייט. אַהער האט מען אריין געבראכט אללע אוצרות פון ירושלים; אין אבעזאָנדערען בעפעסטיגטען פליגעל (בית הפקודות) איז געזעססען דער בלינדער געפאַנגענער יודישער קאָניג צדקיהו. דיא יודען האבען זיך דאָרט אָנגעהויבען צו בעשעפטיגען מיט האנדלען, פיעל האבען געדיענט אין קאָניגליכער דיענסט, אונ האבען אויך גרויסע שטופען עררייכט. פיעל פון זייא, זענען נאָך דעם, אז עס האט זיך שוין געענדיגט דער „גלות בבל", אויף פערבליבען דאָרט.



אין דער גרויסער בעריהמטער שטאָדט בבל, בייא דעם טייך פְּרָת, האט געהערשט אגרויסע בעוועגונג, ווייל עס האט אָנגעפאנגען דער חודש שבט, דענצמאָל האבען זיך אָנגעהויבען זייערע ימים טובים אונ אויך דער יאהר־מאַרק פון דיא מיידלעך, וועלכע זענען פערקויפט געווארען אויף דעם אקציאָן. דאס איז געווען אַ אלטער מנהג, וואס האט עקסיסטירט בייא דעם גראָבען פּאָלק (המון־עם) אין בבל. דער פערקויף איז פאָרגעקומען אויף דעם פרייען פלאַץ, דיא מיידלעך זענען געווען אויסגעזעצט אין דער פאָרם פון אהאלבען צירקעל, אונ פאר זייא איז געשטאנען דער פערקויפער (פּאָרמאַפין). אָנפאנגס האט מען אויס־געשטללט דיא שענסטע מיידליך, פיר וועלכען מען האט גענומען אַגאנץ הויכען

פרייז. דאס געלד וואס מען האט גענומען פאר דיא שעהנע, האט מען געגעבען נדן דיא ניט־שעהנע, אויך דיא מיידליך וועלכע האבען געהאט פהיזישע פעהלער; דיא שיינע מיידליך זענען איבער געגאנגען צו דיא וועלכע האבען זיך בעגנינגט מיט וועניג נדן.

אין דער צייט וואס האבען זיך געלאָזט הערען פון דיא טורמען יום־טובידיגע געזענגע, האט דאס פאָלק שפּאַצירט אויף דיא שטראַסען, אונ אזוי זענען זייא זיך לאַנגזאַם צוגעגאַנגען צו דעם שויאפלאַץ. דאָ האט מען בעגעגענט פערשידענע פיגורען: סאָלדאַטען מיט בויגען אונ שווערד, וועלטליכע מענשען רייך געקליידעט, סוחרים פון איִנדיען, ערנסטע גייסטליכע, דיא אללע זענען אריין אין דעם כלל פון דער גרויסער מחנה, וועלכע האט זיך געפונען אויף דעם גרויסען פלאַטץ אַסטאַרטע (עשתרת), דארט איז געשטאנען דאס גרויסע בילד פון דער גאָטטין, אונ דאָרט איז דיא גרויסע פאָלקס פערזאמלונג שטעהן געבליבען. עס האט זיך נור וואס אָנגעהויבען דער פערקויף; נור וועגען איין אורזאכע איז דיא מחנה שטעהן געבליבען: אין דעם גרויסען געפילדער, האט זיך געלאָזט הערען אַשטימ־מע וועגען הילפע.

—לאָזט מיך אָפּ! האט זיך געלאָזט הערען אַ ביטענדע פרויען־שטיממע, איך בין ניט פון אייער נאַציע, איך בין דעם כהן גדול'ס אַטאָכטער פון לאַנד יהודה!

—אויף דעם מאַרק! אויף דעם מאַרק! זיא איז ניט בעססער פון אונזערע טאָכטער! האלט זיא שטארק!—האבען זיך געהערטווילדע קולות.

—אַללמאֶכטיגער גאָטט, רעטטע מיך! גאטט פון מיינע עלטערן, נעהם זיך אָן פאר מיר—האט דאס מיידעל אויסגעשריגען, פאָלל פערצווייפעלט.

—זיא שאֶנדעט דעם באַאל! (אליל בל) האט בעמערקט אַפאַנאַטיקער. דיא מחנה איז אויף אמינוט, געבליבען שטילל; קוים, קוים האט מען בעמערקט אַיונגע פרויען פיגור מיט אויסגעשטרעקטע האֶנד שטעהט אויף דיא קניען. אנגראָ־בער יונג פון דעם פראָסטען פאָלק האט זיא אָנגעחאפט בייא דיא האָר, אין דער צייט, ווען נאך איינער האט זיא געוואָלט אויפהייבען פון דער ערד.

—וויא שעהן זיא איז! האט זיך אָנגערופען איינער מיט אַשמייכעלע, וועל־כער האט אויסגעזעהן אז ער איז פון דער קאָניגליכער סוויטע.—איך בין פער־זיכערט אז דער קאֶניג וועט מיך גוט בעלוינען, ווענן איך וועל איהם ברענגען דיא פערל.

אין דער מינוט, האט זיך אַיונגערמאַן דורכגעדרונגען דורך דער פאָלקס־מאַססע, אונ איז שנעלל צו געגאנגען צו דעם מיידעל, ער האט זיך געווענדעט צו דער פאָלקסמאַססע מיט דיא ווערטער.

—וויא האט איהר קיין בושה ניט, אָנצופאַללען אויף אמיידעל וועלכע האט נעביך ניט קיין שום שטיטצע: אויף אמיידעל וועלכע געהער ניט צו אייער נאַציאָן!

דער יונגער מאנן, האט אין דעם מאָמענט אויסגעזעהען וויא דיא ערבעזטע

גאָטטהין אלליין. זיינע אויגען האבען געפינקעלט, אונ מיט זיין הויכען שטאָטור, איז ער געווען דער העכסטער אין דער גאנצער פאָלקסמאַססע.

— ווער איז דער יונגערמאנן? — איז געווען דיא ערשטע פראגע, ווענן זייא האבען זיך אביסעל בערוהיגט, — וויא ערוואַגט ער זיך דאָ ארייננצומישען? ער איז זיכער אויף דער זייטע פון דיא יודען, עס קאָן זיין ער געהער אויך צו זייא.

דורך שלעכטע מענשען, וועלכע האבען געררייצט דאס פראָסטע פאָלק, האבען זיך דיא אללע אָנגעהויבען צוזאממען דריקקען אין אגאנץ ענגען קרייז,

— צוריק! — האט דער יונגער מאן אַגעשרייא געטהון, — אונ האט אַוויז גגעבען אַגילדען ברעטעלע מיט נבוכדנאֶצר׳ם נאמען, וואס האט בייא איהם געהאָנגען אויף דער בריסט, — לאזט דורך דעם, וועלכער געהער צו דער קאָניגליכער סוויטאַ!

דיא ווערטער האבען וואונדערבאַר געווירקט, דאס פאלק האט מיט גרויס מורא אפגעטרעטען, אפילו דיא גאנץ גרויסע געגנער זענען אויך אַנשוויגען געווארען; נאר דער איינער, וועלכער האט נאך פון אָנהייב אָן געהאַט ווענגען דעם מיידעל אשלעכטען געדאנק, — דער איז שטעהן געבליבען פון דער נאָהענט.

— איך דאנק דיר איידעלער יונגערמאנן! — האט דאס מיידעל געזאגט, דיך האט גאטט געשיקט, מיך צו רעטטען פון אגרויסער סכנה.

— איך האב נאר געטהון מיין פפליכט, האט דער יונגערמאן געענטפערט. אצונר ערלויב מיר איך זאל דיך בעגלייטען אהיים.

אויפען וועג, אהיים געהענדיג צו דעם יודישען קוואַרטאל, האט דאס מיידכען ערצעהלט, וויא אזוי זיא האט זיך פּאָפּאַדעט אין דעם אונגליק: איהר פאטער: מרמות בן אוריה הכהן, האט זיא געשיקט צו דעם עלסטען פון זייער געמיינדע, אַויף דעם וועג איז זיא פערהאלטען געווארן דורך דער גרויסער מחנה, אונ מען האט זיא אויך מיט געשלעפט אויף דעם פלאַץ פון דער גאָטטין אַסְטַאַרטאַ.

— וויא רופט מען דיך? האט זיא דער יונגער מאנן געפרעגט:

מרים, האט דאס מיידכען געענטפערט, — אָט זענען מיר שוין געקוממען אהיים, דאָ וואָנט מיין פאטער, אָפשר וועסט דוא אויך אריין געהן מיט מיר, ער זאל דיר אויך קעננען דאנקען.

— איך וועל אריין געהן, נאר ניט צו ליעב דעם, — האט געענטפערט דער געהיים-שרייבער פון דעם קאָניג, איך וויל פערזאָהנליך קעננען דיין פאטער, פון זיין געלעהרזאמקייט, האב איך פיעל געהערט.

דאס מיידכען האט אָנגעקלאפט אין דער טהיר. אַנ־אַלטע פרויא האט זיא געעפענט, אונ דיא יונגע לייט זענען אריין געגאנגען אין צימער אריין, האבען גאר ניט בעמערקט, אז מען איז נאך זייא געגאנגען פון וויטען, אונ געסלערעווים.

מרים׳ס פאטער מיט דעם יונגען מאנן, זוענן זוער גיך בעפריינדעט גע־וואָרען, חאטשי זייא זוענן געווען ווייט איינער פון דעם אנדערן אין דעם גלויבען, זייא ביידע זוענן געווען זוער געלעהרנט, אונ עפּיס אַ בעזונדער געפיהל האט זייא צו געקניפּט איינעם צו דעם אנדערן. אהוץ דעם, איז געוועהן נאך זוער אגריסע אורזאכע וואס האט צו געצוויגען דאס הארץ פון דעם יונגען מאנן צו מרים׳ס פאָטער: ער האט זוער הערצליך ליעב בעקומען דיא שעהנע מרים, אונ האט געדענקט אז זיא האט איהם אויך ליעב, דארום האט ער זייא זוער אָפט בעזוכט, אונ זייא האבען איהם זוער פריינדליך אויפגענומען.

דער נאמען פון דעם יונגען מאן איז געווען נאַבאָ (נְבו), ער איז געווען אגעבאָרענער כאַלדעער (כַּשְׂדִי) אונ איז ערצויגען געוואָרען אין דער שוהלע בייא דיא זרעצען (כהנים) אדער מַגִים, אין דער שטאָדט ערעחאַ. אין דער שוהלע האט מען געלעהרנט פערשיעדענע חכמות, בעזאָנדערס האט מען דאָרט געלעהרנט שפראַכען. איבערהויפּט דיא אַקאַדישע שפראכע. אין דער שפראכע זוענן גע־שריעבען געווען דיא אלטע שריפטען, ערצעהלונגען וועגען דער גאָטטהייט, וועלטשאָפּפונג (מַעֲשֵׂה בְּרֵאשִׁית), אויך וועגען דעם מבול; אטהייל פון דיא שריפ־טען איז געזוען אין עֶרעחאַ, אונ דיא גרעסטע טהייל איז געווען אין בבל; דיא אשורישע איבערזעטצונג פאָלגט נאָך פון דער צייט דעם קאָניג׳ס אַסור־באַנינאַל, וועלכע האט זיך שטענדיג געפונען אין דער שריפטליכער קאָניגליכער ביבלאָטעק אין נינוָה.

דעם יונגען געלעהרטען נאַבאָ האט מען ארויס גערופען נאך בבל, ווייל ער איז פאָרגעשטעלט געוואָרען אלס בעגאבטער גרויסער געלעהרטער, זיך צו בע־שעפטיגען מיט איבערזעטצונגען פון דער אַקאַדישער שפראכע אין דער כאַלדעאי־שער שפראכע. דארום האט ער בעקומען דיא גרויסע שטעללע אין דעם קאָניגלי־כען פאַלאַץ, אלס קאָניגליכער־געהיים־שרייבער. ער האט אויך געוואָנט אין קאָ־ניגליכען פאלאץ, אונ האט כמעט יעדען טאָג געזעהען דעם גרויסען בעהערשער. ער האט זיך בעשעפטיגט אין דעם אַרכיעוו פון דיא מאַנוסקריפּטען, דארום האט ער געהאט דאס רעכט אהין יעדען טאָג צו קומען, אונ האט זיך געמעגט אויס־וועהלען אמיטהעלפער נאָך זיין וואונש.

מרים׳ס פאָטער האט אויך זייער ליעב געהאט זיך צו בעשעפטיגען מיט אונטערזוכונגען פון פערשיעדענע אנטיקען. ער האט גוט געוויסט אז עס איז פערהאנדען אַקאַדישע טעקסטען, נאָר דער אינהאלט פון זיי איז איהם ניט געווען בעקאַנט, ווייל זייא זוענן געווען בעהאלטען אין אבעזונדער קאבינעט חיא אהייליגטהום. ווענן נאַבאָ האט מיט מַרמות געשפּראָכען וועגען דיא טעקסטען, האט דער לעצטע נעאייסערט זיין וואונש זיך מיט זייא צו בעקעננען. נאַבאָ איז נרייט געווען זיין וואונש צו ערפיללען, ווען ער וועט נאר איינוויללינגען צו זיין מיטהעלפער. כדי ער זאל דאס געזעץ ניט איבערטרעטען, אויפצופירען זייטיגע מענשען אין דער ארכיעוו פון דיא מאנוסקריפטען. מַרמות האט הערצליך דארויף

איינגעווילינט, ווייל דאדורך וועט ער קענען אָפט בעזוכען דיא געהיימע שריפטליכע ביבליאָטעק.

וַיְהִי הַיּוֹם, האט נאַבּאָ פאָרגעלייגט מַרְמוֹת ער זאל מיט איהם געהען, עד וועט איהם ווייזען דעם פּאַלאַץ פון דעם קאָניג. זייא זענען ארויף געגאנגען אויף אבּערגיל צו מזרח זייט פון דער שטאָדט. צווייא גרויסע אָקסען מיט פליגעל זענען געשטאנען בייא דעם איינגאנג פון ברייטע טרעפּ, וועלכע האבען געפיהרט צו אַקאָרידאָר פון צעדער האָלץ, רייך פערציערט מיט פערשיעדענע געשניצעחצען פון עלעפאַנד־ביין, פאר וועלכען עס איז געשטאנען דיא „קאָניגליכע וואך.

מַרְמוֹת איז איבערראַשט געוואָרען פון דעם אללעמען וואס זיינע אויגען האבען געזעהן דורכגעהענדיג אויף דיא שעהנע קאָוויאָרען, האט ער פערגניגען געהאט צו בעטראכטען פערשיעדענע בילדער פון מלחמות, אויך חוואַטסקי זאכען פון גבורים מיט זייערע גרויסארטיגע ארייננאָנגע וועלכע זענען געוועזן אויסגעשניצט פון אַלבּאַסטער, אויסגעהאָנגען אויף דיא ווענט. אונטער דיא אויסשניצעכצען האבען זיך ארויס געזעהן אויפשריפטען מיט ערקלעהרונגען, אונ פון אויבען זענען געווען אנדערע פערשיעדענע געמאָליכצען, וועלכע האבען געצייגט פערשיעדענע מאָמענטען פון דעם קאָניגס לעבען.

דיא בילדער האבען אין דיא עקקען געהאט פיעל פערצירונגען וועלכע האבען פאָרגעשטעלט אונגעהיירע טהירע (חיות).

דורך אגאנצען לאַבערינט פון דורכגאָנגע מיט גאלעריען, האט נאַבּאָ געבראכט זיין פריינד אין דעם טהייל פון דעם פּאַלאץ וואו עס איז געוועזן דיא געהיימע ביבליאָטעק פון דיא שריפטען: זיא איז בעשטאנען פון עטליכע גרויסע אויך זייער פיעל קליינע סאלאָנען, דאָרט זענען געלעגען, אין אגרויסען אָרדנונג צונויף געלייגט פלאַסטינקעס (ברעטעלעך) פון געברענטער לעהם, אויף וועלכע עס זענען געווען אויסגראווירטע שריפטען. יעדע פלאַסטינקע איז געווען נומערירט, אונ האט אויסגעמאכט אגעוויססען טהייל פון עפּיס אגאנץ ספר; אחוץ דעם זענען געלעגען לעהמענע צילינדערען אין דיא שאפעס בעצייכענט מיט פיעל פערשטענדליכע זאכען. מַרְמוֹת האט דאָרט געזעהן וויא מען שרייבט אויף לעהמינע פלאַסטינקעס ווען זייא זענען נאָך ווייך, זייא קריצען בוכשטאַבען מיט אשארפען שטיפט, אונ נאָך דעם שיעבט מען זייא אריין אין אהייסען אויווען, אונ דאָרט ווערען זייא געגליעט.

נאָך דעם אז דיא ביידע געלעהרטע האבען זיך אקליינע צייט פערווײלט דאָרט, זענען זייא ווייטער געגאנגען, ביז זייא זענען געקומען צו אקליינע טיהר, וועלכע האט געפיהרט צו אגעהיים צימםער, דאָרט איז געוועזן דיא גאנצע זאמלונג פון דיא געהיים שריפטען, אונ דאָרט איז אויך געוועזן נאַבּאָ'ס בעשעפטיגונג'ס קאַבינעט. דאָ זענען אויך געווען דיא ווענט פערשטעלט מיט שאַפעס, אונ דיא סטעלי איז געווען פערצירט מיט זלעגאָרישע געמאָליכצען, אויף דער סטעלי אין דער מיט, איז געווען ארונדע עראָפנונג, דורך וועלכער עס האט ארויס געשלאָגען אגרויסע ליכטיגקייט, דז ם ערשטע וועלכעם האט זיך זייא געוואָרפען

האט ער געדעכענט פיר אונמעגליך, זייא זאללען זיך קענען מתחתן זיין.

—איך רעכען דיך פאר אפריינד, האט מרמות געענטפערט, נאך דעם וויא ער איז צו זיך געקוממען, נאך זיינער פערוואונדערונג,—איך וואלט דיך מיט מיין גאנצען הערצען אָנגערופען „זאָהן", ווענן דוא זאלסט נור צו מיין פאלק געהערען, נור דו פערשטעהסט דאָך זעלבסט, אז מיין טאָכטער קענן נור חתונה האבען מיט איודען.

—איך בין אמאנן פון קענטניססע, האט נאַבאָ געענטפערט, איך גלויב ניט אין דיא גאָטטער, נור אין דעם, וועלכער האט דיא וועלט בעשאַפען, גלייך מיט אייך; אונ ווען דוא ווערסט נור איינוויללינגען, וועל איך מיט דער צייט רופען גאָטטעס נאמען, שמאַט באַראַל!

מרמות האט דעם יונגען מאנן דיא האנד געדרייכט אונ האט געזאגט.

—נוא לאָז מיין טאָכטער מרים דיין פרויא זיין! נור האסט דוא דען קיין מוראָ ניט איבער צו געהן אין איין אנדער גלויבען, דוא זאלסט ניט חלילה מיט דעם ערוועקען דאס פערדרוס פון דיין פאלק, אונ דאס זאלל חלילה ניט פער־דערבען דיין קאַריערע?

—דער ווייל זאלל דאס צווישען אונז בלייבען בסוד, האט נאַבאָ געענט־פערט, מיט דער צייט שפעטער, וועל איך בבל פערלאַססען אויף אימטער, וואו־הין דוא ווערסט געהען, וועל איך אויך געהן, דיין פאָלק וועט זיין מיין פאָלק, אונ דיין גאטט וועט זיין מיין גאטט, נור דער טויט וועט אונז צו שיידען. אונ אצונד ווייל איך גלויב אין דיין וואָרט, וואס דוא האסט מיר צו געזאגט, אז דיין טאכטער וועט זיין מיין פרויא, וועל איך דיך איבער געבען דעם אינהאלט פון דיא געהיים שריפטען.

נאַבאָ האט גענוממען איינע פון דיא פלאַסטינקעס, אונ האט מרמות'ין פאָרגעלעזען אין דער כאַלדעאישער שפראכע, דיא ערצעהלונג וועגען דעם מבול, אונ מרמות האט דאס באלד אויף פאפירען אויף געשריעבען.

* *
*

ביז וואנען דיא ביידע געלעהרטע האבען זיך דאָ בעשעפטיגט אין דער קאָניגליכער־שריפט־ביבליאָטהעק, אונ האבען זיך פערטיעפט אין דיא אלטע פער־גאנגענהייטען, האט זייא דאָ ערוואַרטעטעט אפירכטירליכע סכנה.

דער אַדיוטאַנט פון דעם קאָניג, וועלכער האט געסליעדעווייט נאך דיא ביידע יונגע לייט, נאַבאָ מיט מרים, אויף דעם אָבען גענאַנטען פלאַץ אסטאַר־טע,—האט דיא שעהנע יודישע פריילין ניט פערגעסען. סאַרדוקאַר, אזוי האט ער געהייסען, איז געווען איינער פון דיא שמייכלער, וועלכע בענוטצען זיך מיט דער שוואַכע פון דיא גרויסע לייט, ער האט פערשטאנען וויא אזוי צו ערווער־בען דאס צו טרויען פון דעם קאָניג נבוכדנאָצר, ער האט איהם ערצעהלט וועגען דער שעהנער מרים, אונ האט אין דעם קאָניג'ס הערץ ערוועקט אגרויסען חשק

אין דיא אויגען, איז געוועזען אסקולפטורנע בילד פון אלבאסטער, דאס איז געוועזען דער גאָטט פון דיא פיש, מיט דעם נאמען אָאַן, פון פאָרענט האט ער אויס געזעהען וויא אמענש מיט אלאנגעאַ באָרד, און דער רוקען זיינער איז געוועזען אפיש, אונטערן פיש׳ס קאָפּף האט ארויס געקוקט אפנים פון אמענש, אין איין האנד האט ער געהאלטען אַכְּלִי פון וועלכער עס האבען זיך געשיט אויף דער ערד סימעישקים פון איבערפליסיגקייט (שֶׁפַע).

נאַבאָ איז צו געגאנגען צום דעם בילד, און האט אַקוועטש געטהון אויף זיין האנד אַפרווינקע, האט זיך באלד אַריק געטהון אַברעט פון אַלבאַסטער, און דאָרט האט זיך געעפענט אגעהיימע שאַפע, דאָרט זענען געלעגען פיעל ברעטלעך, בעשריבען מיט מערקווירדיגע שריפטען, זייא זענען אַזש שווארץ געוועזען פון אלטקייט. נאַבאָ האט פון דיא ברעטלעך ארויס גענומען צווייא, און האט זייא דערלאנגט זיינעם פריינד מרַמות מיט דיא ווערטער:

—דאס זענען דיא אֶלטעסטע מיטהיילונגען וועגען דעם גרויסען מבּוּל, דאָ ווערט ערצעהלט פון דעם גרויסען גבּוֹר נִמְרֹד, און עס ווערט פאָרגעשטעלט דיא מַפָּלָה פון דיא זינדיגע מענשען, און וויא אזוי איינער אפרומער מענש מיט זיין פאַמיליע זענען גערעטעט געוואָרען. פון דער צייט אָן, זינד דאס איז געשריבען, זענען געוועזען פערבייא געגאנגען היפשע עטליכע טויזענד יאָהר. דיא געשעצטע שריפטען האבען געקענט ערגאֶנצען דיא עלטעסטע געשיכטע פון דעם יודישען פאלק. דאס האט ערוועקט אגרויסען חשק אין דעם הערץ פון דעם יודישען געלעהרטען מרַמות, ער האט מיט גרויס מיהע פערבאָרגען זיינע איבערראַשונג, און האט געפרעגט בייא נאַבאָ:—ווערסט דוא מיר ניט איבערזעטצען דיא ערצעהלונג?

—איך קען ניט, האט נאַבאָ געענטפערט, דיא ערצעהלונג געהער צו דיא הייליגע שריפטען, מיט וועלכע עס בעשעפטיגען זיך נור אונזערע זרעצען (כּהנים), ווער עס לאָזט צו, צו זייא זייטיגע מענשען, דער ווערט פעראורטהיילט צום פערברעננען. איך רעזיקירע שוין דער מיט אויך זעהר פיעל, וואס איך ווייז זייא דיר נור.

—איך שווער דיר אז דאָס וועט בלייבען בסוד, און קיינער וועט ניט דער פון וויססען.

—עס איז דאָ דער צו אמיטטעל, האט נאַבאָ געזאגט, נאָך דעם אז ער האט אביסעל געשוויגען...

—וואס איז דאס פאר אמיטטעל?

—דוא זאלסט זיין מיין פאָטער.

—איך פערשטעה דיך ניט.

—איך ליעב דיין טאָכטער, איך וויל זיא פאר אפרויא האבען, דאמאַלס ווערסט דוא זיין מיין פאָטער, פיר וועלכען איך בעדאַרף ניט האבען קיין סודות.

מרַמות איז פערוואונדערט שטעהן געבליבען, חאָטשי ער האט דעם יונגען באַלדעער ליעב בעקוממען, נור וויל ער איז ניט געוועזען פון זיין גלויבען, דארום

צו זעהען אונ צו בעטראכטען דאס יודישע מיידעל, נור ווייל דער קעניג האט בייא דער געלעגענהייט זיך ניט געוואָלט בענוטצען מיט זיין דיספּאָטישען וולאסט, ווייל ער האט צו געזאגט צו זיין תמיד אַבעשיצער פיר דיא געפאנגענע בירגער פון ירושלים אין בבל, אַלזאָ האט דער קעניג דעם אַדיוטאַנט גענטפערט, דאס ער װעט נור דאַמאַלס אינוויללינען צו נעמען דאס יודישע מיידכען צו זיך, ווענן זיא ווערט זעלבסט מיט איהר אייגענעם ווילען קוממען אין קעניגליכען פּאַלאַטץ. אלזאָ האט מען דאָ בעדאַרפט זעהר קלוג אונ חיטרע זיך בעגעהן, אז מרים זאלל מיט איהר אייגענעם ווילען קוממען אין קעניגליכען פּאַלאַטץ.

נאָך דעם אז סאַרדוקאר האט צונעטראכט פערשיעדענע פּלענער צו ברענגען דעם וואונש פון דעם קעניג אין דער ערפיללונג, אונ עס איז איהם זייער שווער געווען צו פאללען אויף דער הַמְצָאָה דיא זאך אויסצופיהרען, האט ער צופעלליג דערזעהען וויא נאַבאָ האט דעם יודישען געלעהרטען מַרְמוֹת אריינגעפיהרט אין דער שריפט־ביבליאָטהעק, דאס אללײן איז שוין געווען גענוג פאר איהם, זיין פערבאָרגענעם פּלאַן אויסצופיהרען, ווען ער האט נאָר בעמערקט, אז זייא זענען אין דער געהיים ביבליאָטהעק, אריין געגאנגען, איז ער באלד געלאָפען צו דעם עלטסטען פון דער קעניגליכער וואכע, אונ האט איהם בעאיילט וויא נאָר אַם שנעלסטען, דיאביידע לייט, דערווייל צו פערהאלטען.

זאָ באלד דיא ביידע געלעהרטע זענען פון דער שריפט־ביבליאָטהעק. ארויס געגאנגען, האבען זייא ווייטער שוין מעהר ניט געקענט געהן, דען זייא זענען דורך בעוואַפענטע סאָלדאטען פערהאלטען געווארען. מען האט זייא באלד דורכזוכט, אונ מען האט בייא דעם יודישען געלעהרטען געפונען אַבעשריעבענען בלאַט פון פּאַפּירוס. בייא דעם הויפטמאנן פון דער וואכע, איז דאס געווען אזוי וויכטיג, דאס ער האט באלד בעפוילען, מען זאל דעם יודען בינדען אונ איינזעצען אין געפענגנים. סאַרדוקאַר איז דער פון העכסטענס צו־פריעדען געוועהן, ער איז באלד געלאָפען צום קעניג אונ האט איהם וועגען דעם ראַפּאָרטירט. ווייטערע נאכריכטען וועגען מרים, האט ער אויף איינינע טעג אָפּגעלייגט, ווייל ער האט געוואָלט אז זיא זאל דערווייל געוואהר ווערען פון איהר אונגליק, אונ זאל זיך דערווייל מצער זיין.

* *
*

שנעל וויא אבליטץ, האט זיך אין דער יודישע געמיינדע פערברייטעט דיא נאכריכט, אז מַרְמוֹת דער כהן פון ירושלים איז אַרטירט. דיא גאנצע געמיינדע האט זיך זייער שטארק ערשראָקען, אונ מרים איז געווען אין דער גרעסטער פערצווייפלונג, זיא האט זייער מורא געהאט פאר איהר פאטערס לעבען, אז מען זאל איהם חלילה ניט טייטען, דאס לעבען פון איהר רעטטער נאַבאָ איז אויך געווען בייא איהר זייער געשעצט, זיא האט איהם שוין אָנ־געהויבען ליעב צו האבען,—נאָר איהרע הערצפריינדע צו רעטען, האט זיא זיך

געפיהלט זייער אָנמעכטיג, זיא האט נאר גאטט געבעטען ער זאלל איהר בייא דעם גרויסען אונגליק העלפען.

דיא עלטסטע פון דער יודישער געמיינדע, האבען זיך דערווייל צוזאממען גענומען, אַעצה צו האלטען, וואס מען האט דאָ צו טהון. זייא האבען בעשלאָסען אז מען זאל זיך ווענדען מיט אַ ביטטע צו דעם קאָניג, אונ פיר אַמליץ האבען זייא אויסגעוועהלט דעם געוויססען געלעהרטען דָניאֵל, וועלכער איז געווען זייער אגרויסער חשוב בייא דעם קאָניג, אונ אונטער דעם נאמען בלטַסאַר, האט ער בייא איהם פאַרנומען זייער אגרויסע שטעללע, וויא עס איז אויך אונז בעקאַנט פון דער ביבעל. נאָר ליידער האט דאָ דניאֵל גאָר ניט געקענט העלפען, חאָטשי ער האט דערצו בעהויפטעט אללע נאָטהיגסטע מיטטעל, זיין שעהן רעדען האט אויך דאָ גאָר ניט געקענט העלפען, דער קאָניג האט איהם פערזיכערט אז ער איז צו איהם זייער געניגט, נאָר אַזאַ שווערע זינדע, מוז בעשטראפט ווערען. אלס בעווייז פון זיין קאָניגליכער גנאַדע, האט ער איהם צוגעזאגט, אז דיא יודישע געמיינדע וועט דערבייא ניכט'ס ליידען.

מרים איז געווען שטארקער פון אייזען, אז זיא האט דעם גרויסען שרעק געקאָנט איבערלעבען. אין אַ אויפדערנאכט, אז זיא איז נעביך געזעסען אליין אונ האט זייער געיאָמערט אונ געוויינט, האט זיא ערהערט אקלאַפּ אין דער טיהר. אז דיא טיהר האט זיך געעפענט, איז סאַרדוקאַר אריין געקומען, נאָהינט צוגעגאנגען צו מרימען,—איך האב פון דיין אונגליק געהערט, איך בין געקומען דיר צו וויזען אוועג צו רעטונג, אויב דוא ווילסט פאָלגען מיין עצה, זאלסט דוא מאָרגען געהן צום קאָניג, איך וועל דיר דאָרט אין פּאַלאַץ אקעגען קומען, אונ וועל דיך פאר נבוכדנאָצר פאָרשטעללען, עס קאַנן זיין, דיין געבעט וועט זיין הערץ ריערען אונ ערווייכען.

—ווער ביסט דוא דען?—האט מרים געפרעגט, אונ דערבייא אַ זיפץ געטהון.

—בעפאָהלמאָכטיגער פון דעם קאָניג.

—איך דאַנק דיר זייער פיר דיין גוטעס הערץ, האַט מרים געזאגט מיט אַפרעהליכער איבערראַשונג. יאָ איך וועל פאָלגען דיין עצה, אונ וועל זיך פרוווען אליין מציל זיין מיין פאָטער.

סאַרדוקאַר האט איהר בעשטימט דיא שטונדע, אין וועלכער זיא קאָנן בייא דעם קאָניג אויפגענומען ווערען, אונ איז אוועק געגאנגען.

* *
*

נאָך דעם אז נבוכדנאָצר האט זיך אָפגעפערטיגט פון זיינע קאָניגליכע בעשעפטיגונגען, האט ער זיך געזעצט אָפּ־והען אין זיין פראָכטיגען פּאַלאַץ. ארומגערינגעלט מיט זיינע זיעגעסצייכען (טראָפּעען) פון זיינע גרויסע מלחמות וואס ער האט געפיהרט, אונ האט אללע ביינעקומען. בעטראַכטענד דאס אללעס האט ער פון דער וויטען געקוקט אויף דיא וואונדערליכע הענגענדע גאָרטנער

װעלכע האבען זיך ארוים געזעהן דורך דער אָפענער טיהר, אַטיעף שטיל־שווייגעניש האט געהערשט אין דער אַבטהייליונג פון זיין פּאַלאַץ, וואָהין דאס גערויש פון דער שטאָדט האט גאָר ניט געקאָנט צוקומען, דורכגעשניטען פון דעם טייך פרת, אויף וועלכען עס זענען געווען דורכגעוואָרפען אייניגע בריקקען.

שטילל האט זיך אויפגעהויבען דער פאָרהאַנג אונ סאַרדוקאַר איז אריינגעקומען, באלד איז ער געפאַללען מיט דעם פּנים צו דער ערד אונ האט געזאגט:

—איז אצונד דער וויללען פון גאָטט אונ קאָניג דאס פריילען אויפצונעמען? זיא איז געקומען, אונ וואַרט דאָ.

נבוכדנאָצר האט אויף איהם מיט אַשמייכעלע אַקוק געטהון, אונ מיט פערראַכטונג געענטפערט:

—נוא לאָז זיא אריין קומען!

אין אַמינוט ארום, איז מרים מיט אַ אַראָפּגעלאָזטער דעקע (וואָאַל) אויף דעם פּנים אריין געקומען. איהרע שענע פיגורע האט אַשוועב געטהון אין דעם סאַלאָן וויא אַשאָטען, אונ האט זיך אַראָפּ געלאָזט פאר דעם קאָניג אויף דיא קניען; מיט אגעבעט האט זיא אויפגעהויבען איהרע הענד, אונ מיט אגעוויין געזאגט דיא ווערטער:

—אַללמאָכטיגער קאָניג אונ בעפעהלער, האב רחמנות אויף מיין פאטער!

—דוא ביסט מרים? האט געזאגט דער קאָניג, מיר האט מען פערלויבט דיין שיינקייט. ווערסט דוא ניט ענטדעקקען דיין פּנים?

מרים האט דיא דעקקע פון איהר פּנים אראָפּגענומען, אונ האט געזאגט:

—איך האב מורא געהאט פאר דעם גלאַנץ פון דיין קאָניגליכער זאָהנע נאָר דוא בעפעהלסט, פאָלג איך דיך.

—גאנץ ריכטיג! דוא ביסט זעהר שעהן! האט נבוכדנאָצר אויסגעשריגען, פון איהר שעהן פּנים איבעררַאשט,—קיין איינציגעס מיידכען אין מיין לאנד, איז ניט אים שטאנד צו זיין גלייך מיט דיר!

מרים איז פערשעמט געוואָרען, אונ עס האט זיא אַציטערניש אָנגעהאפּט.

—דיין פאָטער איז בעשולדיגט זייער אין אשווערער זינד, האט אַנגעפאַנגען דער קאָניג, נאך דעם אז ער האט אביסעל געשוויגען, אונ האט דערווייל מיט אגרוים פערגניגען בעטראכט דיא שעהנע מרים,—ער מיט מיין געהיים שרייבער נאַבאָ פערדיענען דעם טויט

—האב רחמנות!

—דוא געפעלסט מיר, האט געזאגט דער קאָניג, אונ צוליעב דיר וועל איך ניט זיין אזוי שטרענג.

—אָ אַללמעכטיגער, בעניץ זיך מיט דיין קאָניגליכער רעכט, אונ זייא גנעדיג!

מרים האט מיט זייער שעהנע ווערטער ערצעהלט דעם קאניג וועגען דעם גרויסען ווערט פון איהר פאטער, אונ האט איהם זייער געבעטען ער זאל איהר פאָטער מיט נאַבאָ דאס לעבען שענקען.

—איך וועל מיין גאנץ לעבען בעטען פאר דיר, האט געזאגט דאס מיידכען, אונ וועל דיך האלטען פאר דעם גרעסטען אונ איידעלסטען קאניג אויף דער גאנצער וועלט.

נבוכדנאצר האט מרים'ן אויף געהויבען אונ האט געזאגט: איך וועל מיך בעטראכטען, וואס עס וועט מעגליך זיין צו טהון פון דיין פאָטערס וועגען, וועל איך געוויס טהון, צו פערגרינגערען דיא שטראַפע, אונ דורך סאַרדוקאַרען וועל איך דיר עס געבען צו וויסען.

מרים איז נאך אמאָל פאר דעם קאניג אויף דיא קניען געפאַללען, אונ מיט דיא ווערטער פון אגרויסער דאנקבאַרקייט, איז זיא פון דעם סאלאָן ארויס געגאנ־גען. דער קאניג האט איהר נאך געקוקט אונ געזאגט:

—זיא וועט זיין מיינע, אזוי וויל איך!

* *
*

מיט שטאַרקער אונגעדולט האט מרים ערווארטעט אַ ידיעה פון דעם קאניג. מען האט שוין אַנגעפאנגען צו שמועסען וועגען דער טוידט'ס שטראפע, אונ מרים האט אויך דער פון געהערט, זיא האט געצעהלט דיא שטונדען, נור סאַר־דוקאַר איז ניט געקומען. אין דער יודישער געמיינדע, זענען יעדען טאָג פאַר־געקומען פערזאַמלונגען, מען האט גאָטט געבעטען וועגען דעם לעבען פון דעם כהן מרַמות.

צו ענדע, ווען מרים האט שוין אללע איהרע האָפנונגען פערלאָרען, איז סאַרדוקאַר געקוממען, אונ האט איהר געזאגט:

—מיין בעפעהלער שיקט דיר זיין ליעבליכען גרוס, ער וועט דיין געבעט ערפיללען. וענן דוא וועסט נור איינוויללינגען צו זיין אין דער צאָהל פון זיינע פרויען. איך גלויבע אז דוא וועסט אים שטאנד זיין צו שאָטצען זיינע צוויי־פאַכע גנאַדע, לויט ווערטע.

מיט איין אויסגעשרייא פון פערצווייפלונג איז מרים געפאללען אויף איהר שטוהל, זיא האט נור קוים געהערט דיא ווערטער פון סאַרדוקאַרען, אז מאָרגען וועט ער צו איהר נאך אַנטוואָרט קומען.

דיא בעדיענטע איהרע האט זיא קוים ערמינטערט, זיא האט מיט גרויסע יסורים פערבראכט דיא גאנצע נאכט, אין פיעל וויטיגען אונ שרעקען; איהרע געדאנקען זענען געווען פערטומעלט, אונ זיא האט נעביך גאנץ ערנסט פער־לאנגט דעם טוידט. זיא איז ערשט צו דער ריכטיגער ענטשליסונג געקומען, ווען עס האט שוין אַנגעבראָכען אויף טאָג.

—ער האט מיר דאס לעבען געגעבען, האט זיא געזאגט, אונ איך וועל עס איהם פאר אקרבן ברענגען, אלעבען פאר אלעבען!

סאַרדוקאַר האט אויף זיך ניט געלאזט לאנג ווארטען.

—ווילסט דוא רעטען דיין פאָטער?

—יאָ, איך וויל, האט מרים געענטפערט.

—גוט! אין דעם נאָמען פון דעם קאָניג בין איך דיר מודיע, אז דיין פאָטער מוז באלד אוועק פאָהרען קיין ירושלים, אונ דאָרט פערבלייבען אויף אימּמער, נאַבאָ מוז ארוים געטריעבען ווערען צוריק אין זיין שטאָדט ערעחאַ, דאָרט וועט ער, אונטער דער השגחה פון דיא זרעצען (כּהנים) פערבלייבען אויף אימּמער, אונ דוא מוסט נאָך היינט איבער געהן אין דעם קאָניגליכען פּאַלאַץ, אונ פון דאָרט ניט ארוים צו געהן, בּיסט דוא מסכּים דער צו?

—יאָ, איך וויללינג דער אויף איין, האט מרים ענטשלאָסען געענטפערט, דאָך איך האב נור איין בקשה, וועלכע איך דענק, אז דער קאָניג וועט זיא ער־פילען; איך פערלאַנג, אז איך זאלל פערבלייבען אלס געפאַנגענע בּייא דעם קאָניג אין פּאַלאַץ, נור מען זאל מיך לאזען אלליין, ביז אין דער צייט וואס איך וועל ניט בעקומּמען אקלאָרע ידיעה פון מיין פאָטער מיט נאַבאָ, וועגען דעם, אז זייער לעבען איז אין דער גרעסטער פערזיכערונג.

—איך דענק אז וועגען דעם, קענסט דוא בלייבען גאנץ רוהיג, אונ איך קענן דיר דאס צו זאגען, אז דאס וועט זיין וויא דוא פערלאנגסט, האט סאַרדוקאַר געענטפערט.

אין דעם זעלבען טאָג האט מען מרים׳ן צו גענוממען אויף צו־גערעקטע גאָסילקעם, אין קאָניגליכען פּאַלאַץ אריין.

* *
*

נאך פערלויף פון צווייא וואָכען, איז סאַרדוקאַר געקומען צו מרים אונ האט איהר מודיע געוועזן, אז דיא פערטריבענע, מרמות מיט נאַבאָ, זענען אויף אָרט אונ שטעללע מיט זייער לעבען געזיכערט; ער האט איהר פון זייא איבער געגע־בען צווייא פּלאַסטינקעם.

—אַצונד בּרייטע זיך פאָר, דער קאָניג ערוואַרטערט דיך.

—אונ ביז וואנען איך וועל מיך דאָ אויספוצען, האט מרים מיט פיעל שרעק געענטפערט.—געה, זאג דעם קאָניג אז איך גיב מיך איבער מיט לייב אונ זעלע.

ווענן דיא טיהר האט זיך פערמאכט, האט זיך מרים געשטעלט אויף דיא קניען, זיא האט ארוים גענומען אַבּהאַלטענעם קינשזאַל, מיט דיא ווערטער:

„העלף מיר גאָטט איך זאלל רעטען דיזע נשמה מיינע מיט דעם קאָרפּער פון דער גרויסער שאנדע, אזוי וויא דיא טייער־סטע פון מיין הערץ זענען דורך מיר געראַטעט געוואָרען״.

זיא האט זיך דעם קינשזאַל אריין געשטאָכען אין הערץ אריין, אונ איז איבּער געגאנגען אין אַזאַ לאנד, וואס פון דאָרט קערט מען זיך שוין מעהר ניט צוריק.



# דיא וויסטע אינזעל *)

זייער אגרויסער וואָהלטאָטיגער עשיר, האט איינעם פון זיינע בעריענטע בעפּרייעט, ער זאלל זיך זיין אמענש פיר זיך אלליין; ער האט איהם איבער־געגעבען אַ גאנצע שיף מיט טייערע סחורה מיט דיא ווערטער; איך גיעב דיר איבער מיין קינד דיא גאנצע שיף מיט דעם אללעמען וואס עס געפינט זיך דארט, לאז זיך אוועק אין אַפרעמד לאַנד, דאָרט וועסט דוא האנדלען נאָך דיין וואונש, אונ אויך אַללעס וואס דוא וועסט דאָרט פערדיענען געהער צו דיר. זיין קנעכט האט איהם הערצליך געדאַנקט, פיין זיך גזעגענט, אונ איז ווייט אַוועק מיט דער שיף, אין דעם גרויסען ים. אין אַקורצער צייט צרום, דורך זייער אגרויסען שטורם ווינד, איז דיא שיף מיט דער גאנצער סחורה אונטערגעגאַנגען, נאָר ער איינער, איז קוים ניצול געוואָרען, אונ מיט גרוים מיהע זיך צו געשלאָגען צו איינעם פון דיא וויסטע אינזעלען גאַנץ ווייט.

נאקעט אונ הונגעריג האט ער אָנגעהויבען אַרום צוגעהן אויף דעם ברעג פון דער אינזעל, ער איז נעביך אַרומגעגאַנגען אונ האט געקלאָגט אויף זיין גרויס אונגליק וואס איהם האט געטראָפען. אזוי וויא ער איז ארום גע־גאַנגען זייער פערביטטערט, האט זיך איהם פאָרגעשטעלט פון ווייטען אַגאנץ גרויסע שטאָדט, פון דער שטאָדט זענען איהם אקעגען געגאַנגען זייער פיעל מענשען, אונ מיט אַגרויסער שמחה האבען זייא אויסגעשריגען: דער קאניג זאלל לעבען! מען האט איהם באַלד אריינגענוממען אין אַגרויסאַרטיגער קאַרעטע, גלייך צוגעפאָהרען אין דעם קאניגליכען פּאַלאַץ, דאָרט האט מען איהם אָנגעטהון קאניגליכע מלבושים, אַקרוין אויף זיין קאָפּף, אונ אַ צעפטער אין דער האַנד, אזוי האט מען איהם געזעצט אויף אַגאָלדענער שטוהל; אללע גרעסטע פון דעם פאָלק אַרום איהם האבען געקניעט אונ געבייגט זיך פאר איהם, אונ האָבען צוגעשוואורען איהם צו דיענען מיט לייב אונ זעלע.

אַנפאַנגס האט דער נייער קאניג זיך געטראַכט אז דאָס איז נאָר אַחלום, נאָר אזוי וויא עס איז אוועק געגאַנגען עטליכע טעג, האט ער געזעהן אז ער איז ווירקליך טאַקי קאניג, האט ער אָנגעהויבען דענקען וואס זאלל דאס בעדייטען? וויא פאַללען עס אויס דיא מענשען אויף צונעמען אַזא קאניג וועלכען זייא קענען איהם גאָר ניט, זייא האבען איהם גאָר ניט געפרעגט פון וואַנען ער איז, אונ ווער ער איז, אונ האבען איהם דאָך אויף גענוממען פאר אקאָניג. ער האט נאָר ניט געקענט פערשטעהן דיא אורזאַכע, ביז ער האט זיך ענטשלאָסען צופרעגען איינעם פון זיינע קליגסטע אַדיוטאַנטען:

---

*) פרייא פאם העברעאישע (ילקוט ריב"ל).

—ערקלעהר מיר, איך בעט דיך, וואס בעדייטעט דאס, וואס איהר האט מיך דאָ גאָר אונערוואַרטעט פיר אַמלך אויפגענוממען, וויא אזוי האט איהר גלאַבט ערפאהרען אז איך בין דאָ געקוממען אויף דיא אינזעל? אויך זאָג מיר איך בעט דיך, וואס וועט זיין דער סוף דער פון?

—מיין קאָניג אונ בעהרשער! האט זיין אַדיוטאַנט געענטפערט, דיא איינוואונער פון דאנען זענען לוויטער גייסטער (נקיי ההומר), צוריק מיט יאהרען האבען זייא געבעטען דעם אייבערשטען ער זאָל זייא צו שיקען איינעם פון דיא מענשען, ער זאל איבער זייא רעגירען, האט ער זייא דאס צוליעב געטהון, אונ שיקט זייא אללע יאָהר צו אין דעם זעלבען טאג איינעם אויף דיא אינזעל, דיא איינוואונער נעמען איהם זייער פיין אויף איבער זיך פיר אַמלך, נאָר זיין מלוכה דויערט מעהר ניט נאָר אַיאָהר, נאך דעם נעמען זייא פון איהם אַראָפּ דיא קאָניגליכע מלבושים מיט דער קרוין, אונ מיט גוואלד טראָגט מען איהם אוועק צו דעם ברעג פון דעם ים, דאָרט זעצט מען איהם אויף אַשיפעל, אונ דאס שיפעל טראָגט איהם אוועק אין אוויסטע פערוואָרפענע אינזעל, אהין קומט ער נאַקעט אונ בארוועס, אהנע פריינדע, נע ונד, אונ אזוי בלייבט ער דאָרט דער אונגליקליכסטער וואס קאָנן נאר זיין, ווייל ער האט ניט געוויסט וויא אזוי זיך אויפצופיהרען אין דעם יאָהר פון זיין רעגירונג. אין דעם זעלבען טאָג נעמען זייא אויף דעם נייען קאָניג, וועלכען גאטט שיקט זייא צו יעדעס יאָהר, אונ בענעהן זיך מיט איהם וויא דער מנהג איז תמיד.

—זאג זשע מיר נאר, איך בעט דיך, האט איהם נעפרעגט דער קאָניג,— האבען אויך דיא פריהרינגע קאָניגע געוויסט אז זייער סוף וועט אזוי זיין?

—ניין, האט דער אַדיוטאַנד געענטפערט, קיין איינציגער פון זייא האט ניט געוויסט וואס מיט איהם וועט זיין, זייא זענען אללע געוועזן פערבלענדעט פון דעם גלאַנץ ארום זייער טראָן, האבען אללע פערגעססען אין דער צוקונפט אונ האבען זייער יאָהר פערבראכט מיט נארישקייט, ניט געזאָרגט וואס שפעטער וועט זיין, ביז עס איז געקומען דער אונגליקליכער טאג וואס זייא זענען פערשליידערט געוואָרען אין דעם פינסטערען לאנד, דענצמאל בערייען זייא וואס זייא האבען זיך אזוי נאַרעש בענאנגען, אבער זייא קענען זיך גאר ניט העלפען.

—ליעבער פריינד, האט דער קאָניג צו איהם געזאגט, זיבען וואָכען זענען שוין פערבייא געגאנגען, זינד איך געפין מיך דאָ, איך האב נאך גאר ניט געזאָרגט וואס שפעטער וועט זיין, דארום דארף איך זעהן טראכטען אז דיא איבעריגע טעג פון דעם יאהר זאללען אויך ניט פערבייא געהן מיט ניכט׳ס, דארום מיין טייערער, גיב מיר אַעצה וואס זאל איך דאָ טוהן, כדי איך זאל קענען גערעטעט ווערען פון דעם אונגליק וואס האט געטראָפען דיא פריהרינגע קאָניגע?

—דוא בּיסט גערעכט מיין הערר קאָניג, האט איהם זיין אריוטאַנט געענטפערט, ערמאַן זיך נאר, אז דוא בּיסט אהער געקוממען נאקעט, נאקעט וועסט דוא פון דאַנען אוועק געהן, אונ וועסט זיך שוין אויף אימער מעהר אַהער ניט אומקערען. נאר איך וועל דיר עפּיס זאגען: איין האָפנונג איז נאך דאָ פאר דיר, ווענן דוא וועסט נור מיין עצה פאָלגען: דוא זאללסט דאס קינפטיגע פערוויסטעטע לאנד דיינם פרוכטבאַר מאכען, זאלסט דאָרט באזעצען פיעל מענשען, דאס איז דאס איינציגע וואס עס קאָן דיך מציל זיין פון פיעל אונגליקען, אין דעם וויסטען לאנד וויא אהין דוא דארפסט קומען. דאס אלעם קאָנסט דוא זייער לייכט אויספיהרען, לויט דיא געזעטצע פון אונזער לאנד, אללע בעוואָהנער פון דעם לאנד זענען דיר איבּער געגעבּען מיט לייבּ אונ זעעלע, זייא וועללען זיך אללע בּעפלייסען צו בּעארבּייטען דיא וויסטע אינזעל, זאלסט הייסען דאָרט בּויען פיעל שטאָדט, גרויסע מאַגאַזינען מיט פערשיעדענע שפּייזען, מיט איין וואָרט! זאלסט דיר דאָרט גרינדען אנייע מלוכה, אונ דיא דאָרטיגע איינוואונער וועללען דיך געווים פריינדליך אויפנעמען ווענן דוא וועסט פון דאנען ארוים געטריבּען ווערען, נאר שטעה ניט, אמינוט זאלסט דוא ניט פערלאָזען, דען דיא צייט איז קורץ. בּקיצור, וואס מעהר דוא וועסט זיך סטאַרען צו פערשענערען, דיין קינפטיגען וואהנפּלאַץ, דעסטא מעהר וועסט דוא גליקליכער זיין, אויבּ דוא וועסט מיין עצה ניט פאָלגען, זאלסט דוא וויססען אז דוא בּיסט פערפאַללען אויף אייבּיג.

דער קאָניג האט געשווינד געטהון וויא ער האט איהם געראטהען. ער האט ארוים געשיקט אויף דיא וויסטע אינזעל פיעל פלייסיגע נוטצליבע מענשען, ארבּייטער, קינסטלער, אויך שטרענגע אויפזעהר, זייא זאלען אכטונג געבען אלעם אין דיא גרעסטע אָרדנונג צובּרענגען. אין אקורצער צייט זענען דאָרט פיעל שטאָדט אויפגעבּויעט געווארען, דיא פעלדער בּעארבּייטעט, אונ גרויס־אַרטיגע געבּיידען זענען בּעזעטצט געוואָרען מיט פערשיעדענע איינוואונער, וועלכע זענען פון פיעל אַרטער געקומען.

דאס יאָהר האט זיך געענדיגט. אין דעם לעצטען טאג איז מען פלוצים אָנגעפאַללען אויף דעם קאניגס פּאַלאץ, דיא קרוין האט מען פון זיין קאָפּף אַראָפּ גענוממען, דיא קליידער אויסגעטהון אונ אוועק געטראָגען אויף דער שיף זיא זאלל איהם אויף דיא וויסטע אינזעל ארויסשליידערען.

ער איז נאָר צום בּרעג פון דער אינזעל געקוממען, זענען איהם בּאלד אללע זיינע בּעקאנטע אקעגען געגאנגען, זייער פריינדליך אויפגענוממען מיט גרוים כּבוד, אַ פּראכטפאללע קראנע פון אונפערוועלקטע בּלומען האט מען אויף זיין קאָפּף געזעצט, אונ ווייל ער האט זיך אזוי קלוג אונ פיין אויפגעפיהרט, האט איהם גאט בּעלויענט מיט אַאייבּיגעם לעבּען, וויא דאס לעבּען פון אלע זיינע בּעדיענטע גייסטער, אויף וועלכע ער האט איהם געמאכט פיר קאניג אויף אייבּיג.

* *

דער גרויסער וואלטהאטער איז גאט; דער בעפרייעטער קנעכט איז דער מענש ווען ער ווירד געבוירען; דיא שיף מיט סחורה איז דיא תורה זיינע, בעפאר ער איז געקוממען אויף דער ליכטיגער וועלט *); דיא וויסטע אינזעל איז דער עולם הזה; דיא וואס האבען איהם אויפגענוממען, זענען זיינע עלטערען; ער אלליין וויינט אונ איז נאַקעט; זיין אַטיודאנט, דער גייסט, וועלכער האט איהם געראטהען צום גוטען, דאס איז דער שׂכל; דאס יאָהר פון זיין רעגירונג, זענען דיא קורצע יאָהרען זיינע, דיא נייע אינזעל איז דער בית עולם נאך זיין טויט; דיא ארבייט׳ס לייטע וועלכע ער האט אויף דיא נייע אינזעל געשיקט, זענען זיינע מעשׂים טובים וואס ער האט געטהון אויף דער וועלט, זייא וועללען זיין זיינע גוטע מליצים; דיא פריהריגע קאנינגע, בעדייטען דיא מענשען וועלכע טראכטען ניט וואס שפעטער וועט זיין, אונ לאזען זיך צו פערשיעדענע תענוגים, דענקען אין דעם טויט (צוקונפט) גאר ניט, זייא געהן צו גרונדע, אונ בלייבען לדראון עולם!

---

*) דעת חז״ל (נדה פרק המפלת). דעת הזוהר (שמות ט״א. ע״ב) דעת מוקראם ואפלטן [illegible]ידענץ תרמב״ם).

